חנה סאַפראַן

# הייבט



איקוף פאַרלאַג

# אינהאַלט

## 1. אומרו פון פעלקער



## 2. ערד און זון

## 3. לאַנד מיינס



## 4. לעבעדיק פאָלק

# איך שפּאַן איבער וואָלקנס

## א.

איך שפּאַן איבער וואָלקנס, איך פלי איבער ערד —
מיט שטאָלענע פליגל מיר פליען באַשערט.

געחלומט, געחלומט אַ פלי טאָן אין רוים,
און איצט אויף אַ בעט פון וואָלקנס איך וואוין . . .

איך בין אָפּגעשניטן פון ערדישער פלאַך,
ווי קינד פון דעם נאָפּל פון מוטערשער טראַכט.

איך הויב זיך דורך כמאַרעס צום הימלשן שיין,
דעם דורכזיכט פון גאָלד-בלויע שטראַלן כ'זאַפּ איין.

דורך פענצטערל שמאָלן, די וואָלקנס ווי בערג,
פאַרשטעלן, פאַרדעקן דאָס פּנים פון ערד.

די שנייאיקע בערג צעלויכטן, צעבלענדט,
צום לויטערן הימל די שפּיצן געווענדט.

נאָר איך איבער וואָלקנס זוך אַלץ און זוך
אַ שפּעלטל, אַ ריס אין דעם בלענדיקן פוך.

איך בענק נאָך אַ פעלד פון העל-גרינעם קאָרן,
איך בענק נאָך אַ מענטשן אין אַרבעט פאַרטאָן.

איך זוך אַלץ אַ גאַס, אַ בוים און אַ שטוב,
אַ רויך פון אַ קוימען, אַ טעלעגראַף-סלופּ.

אַ קינד אין אַ שפּיל צעיאָגט און צעפלאַמט,
אַ שוימיקע כוואַליע אויף גאָלדענעם זאַמד.

אַ טייך ווי אַ שפּיגל מיטביימער — אַ ראָם —
אַ בריק און אַ באַן ווי אַ בליץ אין געשפּאַן.

עס ציען זיך, קייטלען זיך וואָלקנס ווי בערג,
איך פלי אין די הימלען און בענק נאָך דער ערד.

ב.

פון צווישן די וואָלקנס אַנטפּלעקט זיך די ערד,
די מאַמע וואָס האָט מיך געטראָגן, גענערט.

צעשניטן אויף פּאַסן, אויף קעסטעלעך קליין,
זי ליגט אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד, אַזוי שיין.

ווי פאַרביקער טעפּיך, די פעלדער צעשפּרייט,
די וועלדער ווי צירונג אויף גרין־ברוינעם קלייד.

די אויטאָס אין שרענגעם וואָס ציען זיך וואו —
מוראַשקעס מיט גלאַנציקע רוקנס אין זון.

און קאַרליקלעך שטיבלעך מיט פּינטעלעך ווענט,
נאָר כ׳זע נישט אין ערגעץ דעם אָנבליק פון מענטש.

איך ווייס ער איז אונטן: ער טומלט, ער לויפט,
ער בויט דאָרט געביידן, ער קויפט און פאַרקויפט . . .

און טיילמאָל ער זוכט פון לעבן דעם זין,
און אָפטמאָל ער קעמפט — פאַרלירט און געווינט . . .

און פּלוצלונג מיר דאַכט זיך, איך זע ווי פון טאָל
עס הויבט זיך אַ פּלאָטע אויף פליגלען פון שטאָל.

און טראָגט זיך אַלץ ווייטער מיט מאַפּע און ציל,
וואו ס׳שוואַרצט זיך די ערד מיט שטיבעלעך פיל,

וואו ס׳האָרעוועט מענטש פאַר שלום און ברויט —
אַ וואָרף טאָן אַטאָמישן טרעגער פון טויט!

איך קוק אויף דער ערד פון די וואָלקנס אַראָפּ
און זע ווי די זון בויגט אין טרויער איר קאָפּ . . .

און טונקעלער, טונקל ווערט ערדישע פלאַך —
עס ברומען מאָטאָרן אין פריען פאַרנאַכט.

ג.

די נאַכט הילט מיין פענצטער אין סאַמעטן קלייד
מיט פליטערלעך — שטראַליקע שטערן — באַנייט.

איך פלי אין די רוימען מיט שטערן צוגלייך
און אונטן די ערד, ווי פאַרנעפּלטער טייך.

פון אונטערן נעפּל עס פלעמלען דאָרט ליכט,
ווי פונקען זיי פלאַטערן, רופן צו זיך.

בריליאַנטענע קרעלן געצויגן אין ווייט
האָט ווער דאָרט פאַר וואַנדערער, זוכער אין צייט.

עס קרייצן זיך וועגן אין לענג און דער ברייט,
און ערגעץ ווערט איינער פון צווייטן צעשיידט,

פאַרלירט דאָס געוויכט ווי טענצער אויף שטריק,
און וואַקלט זיך, בלאָנדזשעט אַהין און צוריק.

עס הודזשען מאָטאָרן . . . די פליגל אַראָפּ,
ווי טויכער אין וואַסער אַראָפּ מיטן קאָפּ,

מיט הענט אויסגעשטרעקטע אַרונטער צום גרונט, —
מיר נידערן, ציען און קרייזן אַרום.

און וואונדער גייט אויף אין מיין פענצטערל שמאָל:
אַ שטאָט מיט בנינים פון ציגל און שטאָל

דערהויבט זיך אין נאַכט ווי פאַרכישופטער וואַלד —
בריליאַנטן, שמאַראַגדן, רובינען צעשטראַלט,

אין קובן, ספּיראַלן, קוואַדראַטן צעהענגט
מיט קינסטלערשן שוואונג, מיט מייסטערשע הענט.

פאַרגאַפט, פון די טרעפּלעך אַרונטער איך טרעט —
מיט פרייד און מיט ציטער באַטרעט איך די ערד.

נאָוועמבער, 1949.

# אויף דעם אַרויף־באַרג פון צייט

מיר קלעטערן אויף דעם אַרויף־באַרג פון צייט —
זיין שפּיץ אין דער נאַכט איז פאַרהוילן.
פון אונטן דער נ ע כ ט ן , אינצווישן דער ה י י נ ט —
דער ה י י נ ט פון בליען און פוילן.

און פאַלט ווען אַ ליכט, אַ פּראָזשעקטאָר אין נאַכט,
באַלייכט דעם שפּיץ־באַרג און פאַרשווינדט, —
אים זעען בלויז די וועלכע קוקן אַרויף,
בלויז ד י װעמענס הערצער ער צינדט.

עס טרעפט, ווען די נאַכט איז פינצטער און קאַלט,
און ס׳בושעווען ביטערע ווינטן,
דער באַרג־שפּיץ מיט נעפּלען געדיכטע פאַרשטעלט.
די וועגן אַרויפצו פאַרשניטן, —

די קלעטערער זוכן אַ ר ו נ ט ע ר אַ וועג,
דאָרטן אונטן צום נ ע כ ט י ק ן „גליק״ ;
נאָר די וועלכע האָבן דעם באַרג־שפּיץ געזען,
ד י וועלן נישט גיין אויף צוריק.

# אומרו פון פעלקער

א ו מ ר ו   שפּאַנט איצט איבער וועלט
מיט באָרוועס-ברייטע שפּרייזן.
ווי אַ ווינט אינמיטן פעלד,
עס קאָן אים ניט קיין כוח צאַמען ;
ער שפּאַנט זיג-זאַגיש און אין קרייזן
איבער שטעט און איבער ימען ;
ער צינדט מיט אָטעם קראַנקע וועלט
און גייט פּאָראויס דורך רויך און פלאַמען.

ער איז די הייוון פון דעם ברויט
וואָס וועט דעם מאָרגן-הונגער שפּייזן ;
ער איז דאָס קינד פון פעלקער-נויט.
ער טראָגט דעם שלום און דעם ראַנגל
ווי אַ בשורה אין די הייזער.
איבער הויקערדיקע שוועלן,
ער צעפּראַלט די טירן שמאָלע,
רוקט פּאָראויס די שעהן-ווייזער.

ביי די שטילע טייכן-ברעגן,
איבער שניי-באַדעקטע בערג,
טרעט ער אויס איצט נייע וועגן
פאַר דעם זייער און דעם שניטער
פון דער חרובדיקער ערד.
ער טראָגט זיך דורך ווי אַ געוויטער
און צעצינדט די שטילע ברעגן,
די ווייטע בערג, מיט זונען-שפּליטער.

ער הייבט זיך ווי אַ זאַמדן־שטורעם
איבער היים־צעגליטן מדבר.
וואַרפט די זיילן פון פּאַלאַצן,
שליידערט קאַלטע מאַרמאָר־געצן.
אין די מערק און אין די קראָמען
רייסט ער אויף דעם קוואַל יסורים
פון די דורות־איינגעשמידטע, —
עפנט אויף די הייסע שטראָמען.

אין די גערטנער פון דעם מזרח,
אין די טאָלן, בערג פון מערב,
טראָגט זיך דורך אַ נייער ניגון,
ווי אַ קאָסע גלאַנציק, שאַרף.
וועקט זיך אויף אַ קינד אין וויגל,
פרעגט באַדייט — וואָס מיינט דאָס ליד?
אין טאַטע־מאַמעס אויג דער א ו מ ר ו
האָט אין ט אַ ט זיך שוין צעגליט . . .

אין די ווייטסטע, ווייטסטע ווינקלען
האָט דער א ו מ ר ו שוין דערלאַנגט.
הערצער שלאָגן, אויגן פינקלען,
פויסטן ביילן זיך אין גאַנג.
עס קאָן אים קיינער מער ניט צאַמען,
ווי דעם ווינט אינמיטן פעלד;
ער וועט דערגיין דורך רויך און פלאַמען
און ברענגען ר ו דער מידער וועלט.

# אויף דער גאַס פון הונגער

אויף דער גאַס פון הונגער ברענט אַ בייזער דאָרשט.
דורך די טעג ער פלאַקערט, פּרעסט די הויט פון ביין,
דורך די נעכט ער וואַיעט מיט פאַרקריצטע ציין.
ווי צפון־ווינט ער שניידט אָן רחמנות, שאַרף,
טריקנט די געדערים, זויגט דעם זאַפט פון מאַרך,
שמייסט און טרייבט אויף גאַסן מיטן בייטש פון צאָרן —
פון דעם דאָרשט
ווערט  האַס  געבאָרן.

אָ, איך קען דעם דאָרשט אין אויגן־לעכער טיף:
ווי צאָרן פון דעם ים אויף ברענענדיקער שיף,
ער לעשט ניט אוים די פלאַמען, נאָר פעכערט זיי אין ווינט;
אָ, כ'געדענק אים אין געוויין פון קינד
פאַרוואָרלאָזטן, פאַרלאָזענעם אין ריוו;
ער ברענט ווי אַ שגעון אין מאַמעס ווילדן בליק
און טרייבט אויף זאַטע גאַסן איבער הונגער־בריק
די צאָרנדיקע, באָרוועסע,
פון זינקענדיקער שיף.

אָ, דער  האַס  פון הונגער שטאַרקער איז פון טויט.
ער שפּראָצט אין טוכלע לעכער, ער בליט אין טאָל פון נויט,
אין חורבות פון הכנעה ברעכט ער איין דעם שטיין,
סקעלעטן־גופים, ווי די מתים, טרייבט ער, טרייבט ער גיין!
גרוויזאַם, גרוויזאַם גרייט ער צו דעם חשבון־טאָג
ווען ס'טוט אַ זינק יסורימדיקע וואָג,
און מאָס פון דאָרשט ווערט ביטער־פול,
ס'רייסט זיך פאָדים לעצטער פון דורותדיקער שפּול,
דער לעצטער קנופּ פון  ש ר ע ק  אין שטריק פון קנעכטשאַפט־עול,—
דעמאָלט טוט דער מענטש אַ הייב דעם הייסן שטאָל
און ברעכט זיך דורך דורך גראַטעס, און זעצט אין פעסטונג־ווענט,—
דאָס האַרץ — אַ קויל צעגליטע,
זיין גורל — אין די הענט.

# דער ריקשאַ־יונג

.1

אַ ריקשאַ־יונג אין דורותדיקן שפּאַן,
מיט שטרויס־פויגל־פיס ווי אַ פליענדיקע באַן,
מיט געבויגענעם קאַרק ווי אַ חיה פון לאַסט,
האָט אָפּגעשטעלט היינט די ריקשא אין גאַס:
אַ הייב געטאָן דעם קאָפּ, דעם רוקן־געביין,
אויסגעשפּיגן דעם שטויב פון צווישן די ציין,
דעם שווייס פון פּנים מיט אַ וויש צעשמירט,
אויסגעדרייט זיך שאַרף צום ווייסן פּאַסאַזשיר
און מיט אַ פּאַך צו דער גאַס, צום נאַקעטן שטיין,
באַפוילן אים אויסשטייגן, פאַרנעמען זיך און גיין!

.2

דער ריקשאַ־יונג, דער ריקשאַ־יונג,
געפונען זיין פאַרקלעמטע צונג,
דערהערט זיין קול, דערהערט זיין שטים
אויף די גאַסן פון נאַנקין.
אויף בולוואַרן פון שאַנכאַי
זינגט ער לידער פון דער פריי,
פון דעם פלאַמיקן קאַיאַר
איבער זיין געוואַגטן דור.

.3

דער ריקשאַ־יונג, דער ריקשאַ־יונג,
צעוויגט די פיס מיט נייעם שוואונג,
דערפילט אין גיין אַ נייעם טעם . . .
מאַרשירט, מאַרשירט דורך רויך און פלאַם,
דורך שטאָט און דאָרף מיט ביקס אין האַנט,
צעוואַלגערט כינעס אַלטע וואַנט,
דעם אָפּיום־שמוגלערס טריט ער צינדט,
נעמט אָפּ דעם רויב פון מאַנדאַרין.[2]

1) אַ פּאַסאַזשיר־וועגעלע געשלעפּט פון אַ מענטש.

2) אַ באַאַמטער, אַ פּריץ.

.4

דער ריקשאַ־יונג, דער ריקשאַ־יונג,
טראָגט די פאָן פון מאָרגן־זון,
טראָגט די פרייד פון פרייער ערד.
און דער גאַנג איז אים נישט שווער.
ווייל מיט יעדן זיינעם טראָט
ווערט געבאָרן נייער טאָג,
און די נאַכטיק־אַלטע וועלט
ער צעטרייסלט, ער צעהעלט.

.5

דער ריקשאַ־יונג, דער ריקשאַ־יונג,
מיט גבורהדיקן העלדן־שפרונג
איבער האַלב־פאַרפוילטער בריק,
אַריבער אין דעם דור פון גליק . . .
טויזנט בייזע הונגער־יאָר
פון הכנעהדיקן דור
דערטרונקען אין דעם יאַנגטצע־טייך
און אַריין אין לאַנד פון „גלייך"!

.6

דער ריקשאַ־יונג, דער ריקשאַ־יונג,
מיט זיין ברודער קולי[3] קונג,
מיט זיין כלה לעי־ען־לאַנג
שפּאַנען איבער כינעס וואַנט:
צו דעם אַלטן פעלד פון רייז
וואָס זיי האָבן ערשט באַפרייט;
צו דער נייער בוי־פאַבריק
וואו עס פלאַטערט זייער גליק.

און די ריקשאַ — זיג־טראָפּיי —
שטייט אין שטאָטישן מוזיי.

מאַי, 1949.

3) א ניט־קוואַליפיצירטער ארבעטער.

# שוועסטער מיט די מאַנדל־אויגן

לעי־ען־לאַי,
שוועסטער מיט די שמאָלע מאַנדל־אויגן, —
ביסט היינט פריי,
פריי און גלייך.

אַ מעכטיקער טייך
מיט ברויזנדיקע פרילינג־שטראָמען
איז אַריבער דיינע ברעגן,
און האָט אָפּגעשווענקט
דעם שימל
און דעם זאָמען
פון אומרעכט —
דעם ביטערן פלאַנץ
אויף דיינע דורותדיקע וועגן.

דיינע פיס, די געפּענטעטע,
זיינען אויפגעבונדן
און זיי שפּאַנען איצט פאָראויס;
דיינע הענט, די פאַרהאָרעוועטע,
באַוועגן זיך מיט ווירדע
אַרום דיין צוקונפט־הויז;
ביסט ליכטיק־ליב און פרויאיש־פריש,
ווי אַן ערשט־צעבליטע רויז.

פון דיין האַרץ די וואונדן,
שניט פון קייטן אויף דיין לייב,
פיין פון שפּאָט און שאַנד, —
פאַרציען זיך מיט נייער הויט
אין מאָרגן־רויט
פון פרילינג אין דיין לאַנד.

לעי־ען־לאַי,
דו ביסט פריי.
הויבסט אויף דעם קאָפּ
און קוקסט צום ערשטן מאָל אַרויף.
ביסט אַ קינד פון טאַטע־מאַמע,
נישט סחורה צום פאַרקויף;
ביסט אַ חבר צו דיין מאַן
און נישט אַ שקלאַף פון אַ שקלאַף;
ביסט אַ טאָכטער פון דיין פאָלק
און נישט אַ דינסט.

דו שפּינסט
אַ ניי געוועב פון לעבן
מיט פריידיקע, מיט לאַכנדיקע הענט;
דער צער פון דיינע אויגן
איז אַ צעבראָכענער
אין אַלטע שפּיגלען אויף קראַכענדיקע ווענט
פאַרבליבן —
וועסט געדענקען אים, דעם צער,
געדענקען
ווער ס'האָט אים פאַרטריבן.

הכנעהדיקער בוקן זיך און בויגן
איז אויף אייביק פון דיין גוף,
ווי אַ פויגל פון דעם שטייג
פאַרפלויגן.
ביסט פריי!
צעגעמסט די אָרעמס, ווי פליגל,
און זינגסט! —
ביסט מער שוין נישט קיין דינסט.

קליינע שוועסטער מיט די שמאָלע מאַנדל־אויגן,
זיי געגריסט.
די ערד וואָס דער שונא האָט פאַרוויסט,
שפּראָצט גרין און פריש.
די צוקונפט פון דיין לאַנד
גייט־אויף אין דיינע טריט.
די מאָרגנדיקע, די פרייע דורות
בליען אין דער ליבשאַפט פון דיין גוף.
דו שפּאַנסט אַריבער אַלע בייזע נעכטנס
מיטן פרייהייט־רוף.
קיינער קאָן דיך מער שוין נישט פאַרקנעכטן!
דו שפּאַנסט
מיט דיין מאַן,
מיט נייעם שטאָלץ און קראַפט,
אין זינגענדיקן פרילינג,
אין דעם פרילינג פון באַשאַף.

3טער יוני, 1950.

# שפאַניע

דו שמעקסט מיט בלוט, מיט שייטערס און מיט תפיסות.
מיט לאַנגזאַמער מאַרטירער-גסיסה
עס שטאַרבן אַפּ די טעג אין פּיין.
און איבער ערד מיט קברים-גראָבנס,
עס קרייזן אום פון רויב די ראָבן,
פאַרדעקן פון דער זון די שיין.

פון אונטער אַלטע ביימער-וואָרצלען
עס הערט זיך נאָך דער קרעכץ, דאָס כאָרכלען
פון געפאַלענע אָן זיג.
נאָר אין די גערטנער פון מאַלאַגאַ,
אין די סיעראַס און אין די לאַגערן,
עס פלעכט זיך, פלעכט זיך לעצטער שטריק . . .

עס לעבן אין געהיים מאַראַנען,
וואַרטן, האָפן, גלויבן, אַנען
דעם אָנקום פון באַפרייאונג-טריט.
אין דעם שוידער-טאָל פון עבראָ,
אויף דער בלוט-געווייקטער ערד דאָ,
חלום פון באַפרייאונג — בליט.

פ אַ ר ר אַ ט שפּאַנט אום אין גלאַנץ-מונדירן,
אין שוואַרצע מאַנטלען פון מאָנאַסטירן,
אין פראַקן און צילינדערס.
ער טרעט מיט חוצפּה און מיט גאווה,
מיט מענטשן-פרעסערישער תאווה
פאַרצערט ער דיינע קינדער.

לאַנד פון איילבירטן, מאַראַנצן,
פון סערענאַדעס, טאַנגאָ-טאַנצן,
פון העלדן און פאַרפירער.
נישט פאַרהיילט און נישט פאַרבונדן,
עס שרייען צו דער וועלט די וואונדן
פון דיינע העלדישע מאַרטירער.

אָ, קומען וועלן טעג ווי זונען,
ווען אויפגעוואַכטער צאָרן-דונער
וועט שטורעמען דעם ברעג פון עבראָ!
איך הער שוין די באַפרייאונג-טריט,
איך הער פון זיג, פון זיג דאָס ליד
אין בלומען-טאָל פון עבראָ.

# כ׳וועל דיך ניט פֿאַרגעסן

כ׳וועל דיך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן
ס ט אַ ל י נ ג ר אַ ד .

כ׳וועל געדענקען דיין גבורה
און די ביטערע יסורים,
ווי כ׳וועל אייביק שוין געדענקען
אָשווענטשים, מאַידאַנעק, טרעבלינקע.
און כ׳וועל זינגען דיין נצחון,
אונדזער קיום און בטחון, —
סטאַלינגראַד.
און כ׳וועל טראָגן טיף דיין נאָמען
ווי אַ גרין־צעבליטן זאָמען
וואָס גייט־אויף פֿון אש און שטויב
אין אַ וואונדערלעכן בוים —
פֿרוכט־געלאָדן זאַפֿטיק־זאַט —
כ׳וועל דיך קיינמאָל, קיינמאָל שוין
ניט פֿאַרגעסן,
סטאַלינגראַד.

# דו ביסט אַהיים געקומען

מיין מאַן, דו ביסט אַהיימגעקומען
און האָסט מיין האַרץ צוריקגעבראַכט.
עס בליען שוין מאַיאָווע בלומען,
נאָר דו ביים פענצטער זיצסט און טראַכסט.

איך האָב די דילן אויסגעשייערט,
מיט סטענגעס אויסגעצירט די ווענט;
כ׳האָב זיך פאַרפּוצט אין קלייד, אין נייער,
נאָר דו — ווי וואָלסט מיך נישט דערקענט.

דיין ביקס אין ווינקל שטייט און זשאַווערט,
און דו הערסט שיסן פון דער ווייט . . .
דו זעסט נאָך אַלץ דיין טויטן חבר,
ווי ער גוססט ביי דיין זייט.

אין ראַם פון פענצטער — היאַצינטן,
און אין מיין בלוט — דער פרילינג-זאַפט;
נאָר ד אַ כ אַ ו -בילדער — שטורעמווינטן —
רייסן בלי מיט בייזער קראַפט . . .

כ׳האָב אונדזער קינד איצט אַנגעזויגן
און אים געלייגט צו דיר אין שויס.
דער מעש פון קנעפּ אין בלויע אויגן:
„כ׳וועל זיין ווי דו, ווען איך בין גרויס!“

דו גלעטסט די בלאָנדע הערלעך-קרויזן
און רעדסט ווי וואָלסט מיך ערשט דערזען.
שטייסט אויף און שפּאַנסט מיט ברייטע שפּרייזן:
„ס׳טאָר קיינמאָל מער שוין נישט געשען!“

מאַי, 1946.

# בילדער אין שוואַרצע ראַמען

בילדער אין די שוואַרצע ראַמען
שפּרייטן, גיסן ליכט אַ מאַטן —
אוי, אַ ווייטיק איז דער מאַמען!
אוי, אַ ווייטיק איז דעם טאַטן! —
און די פּנימער אויף בילדער
שמייכלען אייביק יונג און גליקלעך,
ווי ס׳ווערט אַלעמאָל געשילדערט
אין די צויבער מעשה־ביכלעך;
און די זעלנער־אוניפאָרמען
קוקן יום־טובדיקע, גרייטע,
אויסגעפּוצטע, ווי די פאָנען
אין פּאַראַדן ווינט־צעווייטע.

און פון ווענט דאָס שוואַרץ פון ראַמען
דרינגט אַדורך די טיר פון שראַנקען,
וואו עס שטייען טאַטע־מאַמע,
גלעטן אָפּט די מאַנטלען שלאַנקע;
און באַטאַפּן און באַטראַכטן
די פאַרבליבענע ירושה,
שמעקן, צערטלען טויטע זאַכן
מיט די הונגעריקע חושים:
אַ קלאָון־מיצל פון אַ ליאַמע,
אַ הענטשקע און אַ בעיסבאָל־שטעקן,
אַ פּעקל ביכער, אַ דיפּלאָמע,
אַ מיידלס בריוו, אַ זומער־רעקל;
אַ יידיש לערן־ביכל אָפּן;
אין אַ קעסטל — צוויי מעדאַלן.
און די הייסע טרערן־טראָפּן
איבער באַקן פאַלן, פאַלן.

נאַר ביינאַכט, אין שלאָף אין האַרטן,
גייען זין אַרום פון ראַמען,
גייען צו צום בעט פון טאַטן,
גייען צו צום בעט פון מאַמען.
און זיי ווערן ווידער קינדער
אין די לאַנגע נעכט פון ווינטער:
מאַמע האַלט ביים איבערבינדן
יאַנקלס צוגעקלעמטע פינגער;
טאַטע העלפט דעם קליינעם ליאָן
אויסצושטעלן אַרום דעם דיל
באַן-וואַגאַנדלעך, וועלכע פליען,
טראָגן ביידן מיט אין שפיל ...

מיטאַמאָל נעמט באַן גאַר וואַקסן
און די זין פון פענצטער קוקן!
... טאַטע טראָגט זיי אויף די אַקסל,
מאַמע טיילט זיי פרישן קוכן — — —
חלום ווערט אַ וויסטער פלאָנטער,
דער קאָשמאַר ערשט נעמט זיי פּלאָגן:
ערגעץ הילכט אַ קול באַקאַנטער,
ערגעץ-וואו חילות יאָגן ...
און די זין דאָרט לויפן, לויפן,
יאָגן, הויבן זיך אין שטורעם — — —
טאַטע-מאַמע, ווי די שרויפן,
דרייען זיך אין שלאָף-יסורים ...

פלוצלונג עפנט זיך אַ טויער,
און מען טראָגט די זין אין קאַסטנס . . .
יאָמער פלייצט אויף גאַס פון טרויער,
דרינגט אַדורך קאָשמאַר פאַרהאַסטן:
אַ „ביוגל" שפּילט אַ טרויער־ניגון,
פאָנען וויקלען זיך אין שוואַרצן,
קעפּ זיך בייגן און זיך וויגן
און אַ ברום זיך רייסט פון האַרצן . . .
דאָ שניידט דורך אַ גרילץ אַ שאַרפער,
סירענע־פייף רייסט־אויף די שטיבער,
מענטשן לויפן־אָן און וואַרפן
אַלעמען אין טיפע גריבער;
די טויטע שטייען אויף פון אָרונס,
סאַלוטירן אין דער מהומה;
אַ ראַדיאָ־שטים רופט און וואָרנט:
ס'איז אַ נייע וועלט־מלחמה!

און עס שרייען ווילד פון חלום
יעדע נאַכט די טאַטע־מאַמע —
אויף די ווענט די בילדער שמייכלען,
איינגעראַמט אין שוואַרצע ראַמען.

# פאַרן שטורעם איז ניט שטיל

פאַרן שטורעם זאַמלען ווינטן
אַלע קרעכצן פון דער ערד,
אַלע זיפצן פון באַרויבטע,
אַלע משאות שטייניק־שווער, —
און זיי פליען אין די רוימען,
גליען אָן די קאַלטע לופט
מיט די אויסגעבענקטע טרוימען,
מיט דעם הייסן פרייהייט־רוף;
און זיי לאָדן אָן די וואָלקנס
מיט די טרערן ווי מיט בליי,
טראָפּנס — קריגערישע פאַלקן —
גרייט זיך רייסן אויף דער פריי.

פאַרן שטורעם טונקלען כמאַרעס
אין די אויגן פון דעם מענטש,
און פון ברוסט, פון האַרץ עס שפּאַרן
ווי פון הינטער דיקע ווענט,
די פאַרשטיקטע קאַמף־געזאַנגען
פון דער ענגער תפיסה־צעל,
די פאַרצוימטע האַרץ־פאַרלאַנגען
פאַר אַ לעבן לויטער־העל, —
און ער בוילט די הענט אין פויסטן
און ער שפּאַנט מיט הייסן טראָט, —
פאַרן שטורעם, פאַרן גרויסן,
הילכן שוין די טריט אין שטאָט.

פאַרן שטורעם ווערט עס פינצטער,
ווי אין טיפער מיטן־נאַכט.
איידער ס׳ברעכט אַדורך געוויטער,
איידער בליץ און דונער קראַכט,
קריכן מייז אַרויס פון לעכער,
שרצים, שלאַנגען, ווערים פיל,
קראָען פליען איבער דעכער,
און אין ווילדער שדים־שפּיל
קראַקען, שיפּען, גריזשען, סמ׳ען,
קוויטשען מיט אַ קראַנקן גרילץ,
פּרוּאוון צינדן וועלט אין פלאַמען —
פאַרן שטורעם איז נ י ט שטיל . . .

## גרינע קאַרטאָפל

איך האָב היינט געזען פעלדער פאַרזייט
מיט גרינע קאַרטאָפל, ווי קעפּעלעך קרויט.
און יעדער קאַרטאָפל — אַ גיפטיקע פלאַנץ —
אין זון האָט מיט קרענקלעכע פאַרבן געגלאַנצט.

פאַר האַנט מיטן פאַרב־שפּריץ, אין טויטלעכער שרעק,
עס זיינען די גראָזן פון פעלדער אַוועק.
נאָר ס'זיינען דאָ מענטשן געשטאַנען, באַטראַכט
די גרינע קאַרטאָפל אויף פעלדער ביים שליאַך.

אַ קינד האָט געפרעגט פאַרוואָס מען צעשטערט,
אַ מאַמע האָט האַסטיק געשלונגען אַ טרער;
אַ הונט האָט מיט ביל זיך געריסן פאָראויס,
אַ מאַן האָט אין צאָרן געהויבן זיין פויסט.

# דאָס וואָרט פון שלום

דאָס וואָרט פון שלום איז אין אַלע שפּראַכן זיס,
מעג עס הייסן „פּעי", צי „מיר", „צי „פּיס".
עס קומט פון האַרצן: פריש און פריי און ברייט,
ווי פרילינג-ווינט, ווען שניי צעגייט;
ווי פרילינג-זון נאָך לאַנגער, קאַלטער נאַכט,
עס לייכט און וואַרעמט און באַוואַכט
די אוצרות פון דעם מענטש, די אויסשטראַלונג פון מי.

דאָס וואָרט פון שלום איז דאָס קלינגענדיקסטע ליד
אין כאָר פון פעלקער איבער גאָרער וועלט.
פּנימער פון זאָרג פאַרפינצטערטע, צעשיינט עס און צעהעלט,
און אין דער פרישער פרילינג-לופט,
ווי אַ מאַמע, די קינדערלעך עס רופט
אַרויס אין גאַס, אַרויס צו ליכט און שפּיל,
צו לעבן לוסטיקן מיט פאַרמעסטן פיל,
צו לעבן פאַרביקן, ווי רעגנבויגן-פּראַכט.

דאָס וואָרט פון שלום טרייבט די שרעק פון נאַכט,
דעם גרויל פון אומקום איבער קינדער-קעפּ;
ברידער-שנאה עס צעברעכט, ווי ליים פון טעפּ.
דער שאָטן-חשד פאַרשווינדט פון ווינקלען-ווענט
ווען, אין אַלע שפּראַכן, גיבן מענטשן זיך די הענט.

# פרידן־פּאַרטיזאַנען

פון אַלע ווינקלען פון דער וועלט
זיינען זיי געקומען.
מיליאָנען ברכות, הייסע וואונטשן
אין באַגאַזש גענומען
און אַוועק
דעם וועלט־געוויסן וועקן,
און אַוועק אין אַלע זיבן עקן.

ר ע פ ר י י ן :

פרידן־פּאַרטיזאַנען, פרידן־פּאַרטיזאַנען!
פעלקער פרייע, שכנים טרייע,
שפּאַנען מיט אייך, שפּאַנען!

האָבן זונען זיבן הייסע,
זיי געשטראַלט אַנטקעגן.
מענטשן שוואַרצע, ברוינע, ווייסע,
האָבן זיי באַגעגנט.
רוף צו פרידן האָט מיט עכאָם
אין האַרץ אַריינגעזונגען,
הייסער ווי די זונען, העכער,
שלום־ליד צעקלונגען.

ר ע פ ר י י ן

וואו נאָר מאַמעס הייסע טרערן
אויף ברידער־קברים זידן,
ביילן הענט זיך, פויסטן שווערן
קעמפן פאַרן פרידן.
וואו דער מענטש נאָר בויט און חלומט

פון אַ וואונדער-לעבן,
דאָרטן בליט דער טרוים פון שלום,
דאָרטן לעבט דער גלויבן.

ר ע פ ר י י ן

נישט קיין שטילע טויב אויף אַקסלען
טראָגן פּאַרטיזאַנען.
זייערע פרידן-פליגל וואַקסן
אומעטום וואו פעלקער שפּאַנען.
נישט קיין שטילע טויב איז פרידן
אין אַ שטייג געפאַנגען —
פרידן ווערט אין קאַמף געשמידן
פון העלדן-פּאַרטיזאַנען!

# די שטים פאַר שלום

איך האָב געוואָרט אויף איר,
דער שטים פאַר שלום.
אין טעג פון גרילציקן געררודער,
ווען וועלט ווערט ווידער בייזער חלום,
וואו ברודער העצט צו מאָרד זיין ברודער,
און קולות — מייז פאַר׳סמ׳טע — רייסן,
מיט ווילדע ציין דיך שטעכן, בייסן, —
איך האָב געוואָרט אויף איר,
געוואָרט.

איך האָב גערופן זי,
די שטים פאַר שלום.
אין נעכט מיט מתים אָנגעפילטע,
ווי אַ גרוויליקער בית־עולם, —
קאַשמאַר צעריסענער, צעפליקטער,
וואו לעצטע פייער־צונגען קנאַקן,
און לעצטע שווערדן שניידן, האַקן, —
איך האָב גערופן זי,
גערופן.

איך האָב געוואוסט זי איז פאַראַן,
די שטים פאַר שלום.
אין מאַמעס ציטערדיקע הערצער,
וואו ערשטע פּיצלעך קינדער-שיכלעך
אין זעלנער-שטיוול טרעטן, קרעכצן,
איך האָב געהערט איר שטום געבעט,
די שרעק:
ס׳ווערט שפּעט! ס׳ווערט שפּעט!

און אויב זי האָט זיך שיר פאַרשפּעטיקט, —
איז זי דאָך געקומען.
מיט נייער האָפענונג מיך געזעטיקט,
ווי אַלטער ווייַן דערקוויקט מיין גומען.
און אויב עס האָבן טרומט-האָזן,
זי פאַרראַטן, זי פאַרלאָזן, —
קלינגט איר קול נאָך שטאַרקער, ליבער,
קלינגט דעם ווילדן האָס אַריבער —
שלום! שלום!

# נאָך אַ שלייער פון דער נאַכט . . .

אַלבערט איינשטיין שאַפט נייע טעאָריע.
(פון די צייטונגען).

איך קאָן דיין חכמה ניט באַנעמען,
וויסנשאַפט איז ניט מיין פעלד.
חשבונות, פאָרמולעס, טעאָריעס,
גרונט־יסודות פון דער וועלט,
ענערגיע שייכות מיט מאַטעריע,
סודות פון דעם אוניווערז,
מאַגנעטיזם און גראַוויטאַציע,
כ׳קאָן ניט שפּיגלען אין אַ פערז.

כ׳קאָן בלויז זינגען פון דיין וואונדער,
דיין ריזיק צייט־און־רוים פאַרנעם;
דאָס ליכט־יאָר מעסטן פון דער צייט
האָט ניט פאַרשמאָלט דיין וועלט־באַנעם;
דיין שוועבן אין דער הימל־ספער
האָט ניט פאַרטראָגן דיך אין ווייט,
וואו גוטס און שלעכטס ניט גילטן מער,
וואו ציפער קאַלטער, מענטש פאַרבייט.

דו האָסט מתנה אונדז געבראַכט
צום נייעם, ניינצן פופציק יאָר:
נאָך אַ שלייער פון דער נאַכט,
פון די סודות פון נאַטור,
האָסט אָפּגעוויקלט מיט דיין מאַרך
און אויפגעלויכטן מיט דיין ליכט,
און דיין גרויס און מענטשלעך האַרץ
אויפגעציטערט האָט אין זיך . . .

האָסט דעם מענטש אַ ליכט געגעבן,
אויפגעבונדן קנופּ פון ערד,
גליען, בליען זאָל דאָס ל ע ב ן ,
ס'זאָל דעם ט ו י ט דאָ ווערן שווער...
האָט ווער פון ליכט דיין אויסגעקליבן
פאַרן מענטש — דעם אַטאָם-שווערד;
און ווער — אין אייביקייט פאַרשריבן:
„מיט דיין ליכט — מיר שפּאַלטן בערג."

כ'קאָן דיין חכמה ניט באַנעמען,
נאָר עס ווייסט און פילט מיין האַרץ:
ס'וועט דער מענטש דיך ניט פאַרשעמען,
דאָס לעבן אויסברענען אין זשאַר...
כ'קאָן אין לידער ניט באַזינגען
דעם סדר-סוד פון אוניווערז,
נאָר איך ווייס דיין רום וועט קלינגען
לאַנג נאָכדעם ווי אַטאָם-שווערד
וועט אין ליכט פון זון זיך שמעלצן
אויף דער גרינער, פרייער ערד, —
ס'וועלן דורות, גאַנצע וועלטן
זינגען לויב דיין וואונדער-ווערט.

# די היילונג

דער  ה י י נ ט   איז אויף טויזנטער פּאָסן צעשניטן,
פון יעדערן רים ציטערט אויף אַ געוויין;
עס הענגען נאָך צויטן פּאַרבלוטיקט, צעביסן,
עדות פון וועלפישע לאַפּעס און ציין.

געוועב פון מיליאָנען אין אייביקן שפּינען,
מיט פאַרבן פון בליאונג און פאַרבן פון טויט;
ווי זון־אויפגאַנג — גליאיק, און גרוי ווי באַגינען,
מיט ריחות פון פוילונג און ריחות פון ברויט.

עס ציען די שטיקער זיך ווידער באַהעפטן,
נאָך  ג אַ נ צ ק י י ט   עס לעכצט יעדער פאָדים אין רים . . .
ווער רייסט זיי פאַנאַנדער ווי בלעטער אין העפטן,
און וואַרפט זיי אין ווינט און ברענט זיי אין מיסט?

געוויין פון פאַרלוירענע פאַרבן און קלאַנגען,
פון מענטשלעכע לעבנס צעריבן אויף שטויב,
רייסט־אויף און פאַרשטילט די העלסטע געזאַנגען,
פאַרטונקלט די זון אויף גאָלדיקער שויב.

עס פליען אָן ראָבן, עס פליען אָן קראָען,
פאַרדעקן די ערד אַזוי שוואַרץ און געדיכט . . .
ווער וועט זיי פאַרטרייבן, די וואונדן פאַרנייען,
און ברענגען אַ  ה י י ל ו נ ג ,   און ברענגען אַ ליכט?

צעדריבלטע פעדים, צעריסענע שעה'ן,
אין רויש פון די טעג, אין שרעק פון די נעכט . . .
די היילונג, די היילונג, אָ, קומט ניט פון קראָען
וואָס קראַקען און פּיקען מיט שנאָבלען די שטעך!

די היילונג, די היילונג פון וועלפישע לאַפּעס
קומט ניט, אָ, קומט ניט פון וועלפישע ציין . . .
פון  ה ע נ ט   ה אַ ר ע פ אַ ש נ ע   וועט קומען די היילונג —
פון די וועלכע וועבן דאָס לעבן אַליין.

# דער גאַנג אַרויף

פאַר ווען גאַנג צו ווייטע הויכן איז אַ חלום,
פאַר וועמען ס׳איז אַ שפּיל;
פאַר מיר, אין שפּאַן דורך פינצטערניש פון טאָלן,
דער גאַנג אַרויף איז — ציל.

און לויפט דער וועג אַמאָל זיג-זאַגיש, קרום,
און איז מיט קראַפּעווע, מיט שטעכיקער, באַשאָטן, —
די פּיס צעבלוטיקטע, זיי רופן: „קער זיך אום,
ווי סאַמעט איז די רו אין ווינקלדיקן שאָטן . . . ״

נאָר מיר ווערט נעענטער נאָך און ליבער נאָך דער גאַנג.
דער ציל, ער שטראַלט צו מיר דורך וואָלקנס שוואַרצע.
און גייענדיק איך הער שוין מאָרגן-גלי געזאַנג, —
אויף וועגן פינצטערע ווערט ליכטיק מיר אין האַרצן.

# זילבער־וואָלקן

זילבער־וואָלקן, זילבער־וואָלקן,
וואָס באַהאַלטסטו אין דיין זוים ?
וועמענס האָפענונג, וועמענס חלום,
וועמענס האַרץ צעכוואַליעט שוימט
אין דיין לופטיק־לייכטן שוועבן
דורך דעם בלויען, פרייען רוים ?

ניט פאַרגעסן כ׳האָב די כמאַרע,
כ׳הער נאָך אַלץ דעם דונער־קראַך.
מיינע ליבע, מיינע שיינע
האָבן רוצחים אומגעבראַכט ;
מיינע זיסע, צאַרטע קינדער,
אין ווילדער אָרגיע אומגעבראַכט . . .

זילבער־וואָלקן, זילבער־וואָלקן,
אין דעם בלויען הימל־ים.
ווי אַ שיף דו שפּרייטסט די זעגלען
איבער שטילן אָקעאַן, —
ווער־זשע פירט דיך אין דעם אומענד,
ווער־זשע איז דיין קאַפּיטאַן ?

כ׳שרעק זיך מער ניט פאַר קיין שטורעם,
כ׳שרעק זיך מער ניט פאַר קיין בליץ.
איך האָב פון מבול, זילבער־וואָלקן,
אין יאָרן שווערע דיך באַשיצט —
האָפענונג כ׳האָב אין הערצער מידע,
מיט פרייהייט־לידער טיף פאַרקריצט.

# אין דער פאַר־באַגינען שעה

אין דער שווערער פאַר־באַגינען שעה,
ווען נאַכט איז פינצטערער פון שוואַרצסטער קראַ,
אויף מיין האַרט געלעגער, כ׳הער ווי ס׳פליסט די צייט,
אויף מיין לעבנס־כוואַליע טראָגט זי זיך אין ווייט,
און איך שרעק זיך, שרעק זיך בלייבן אָן אַ זייט . . .

מיינע הענט אין פינצטער — ווייסע, שמאָלע שטראַלן.
כ׳שפּרייט זיי אויס ווי פליגל איבער וואַסערפאַלן,
און איך פלי מיט צ י י ט אַריבער ווילדע שטראָמען,
ווי איך וואָלט פון צימער אָט־די ווענט צענעמען,
און איך שרעק זיך מער ניט, ס׳הערט מיך אויף צו אַרן,
ווייל איך קאָן שוין איצט די פינצטערניש צעשפּאַרן, —
די פאַר־באַגינען פינצטערניש אויף אייביק שוין צעשפּאַרן!

# ל ע ב נ ס

טייכן פליסן אין די ימען,
ימען שפּאַרן ראַש פון גרונט;
כוואַליעס — לייבן, כוואַליעס — לאַמען,
שפּיגלען גלייך אַנטקעגן זון.

שטילע לעבנס, ווי פאַרנאַכטן
איבער פעלדער גרין און צאַרט;
לעבנס — שטורעמס, לעבנס — שלאַכטן, —
אַלע הויזן אין מיין האַרץ.

נאָר דאָס לעבן פון אַ ג ל ו י ב ע ר,
ווי אַ קוואַל פון פעלזנשטיין,
זינגט פון ליכט אין וועלט, אין טויבער,
שלאָגט אין פולם ביים זון פאַרגיין.

# אין די הימלען בליען שטערן

אין די הימלען בליען שטערן,
שטראַלן בליטן אויף אַ צווייג.
בלויע ליכט געמישט מיט טרערן
פינקלט הייליק אין דיין אויג.

ס'האָט דער טאָג מיט בייזן פלאַקער
דיך געיאָגט, געברענט אין ווינט;
טראָגסט אין נאַכט זיין הייסן פלאַטער
און די צאַרטקייט פון אַ קינד.

שטערן פליען אין די רוימען,
וואַקסן פליגל אויף דיין גוף:
אויף אַ שיפעלע פון טרוימען
פליסטו באַלד אַרויף, אַרויף!

נאָר די טרערן הײם און זאַלציק
פאַלן אַלץ אין בלויען ליכט.
ס'האָט די ערד זיי איינגעזאַפּט שוין
ביזן לעצטן, לעצטן שיכט.

# טונקעלע טעג

טונקעלע טעג,
ווי טונעלן פון אונטער אַ בריק,
זיי פירן וואו ערגעץ צו ליכט,
זיי פירן וואו ערגעץ צו גליק.

אין טונקעלע טעג,
עס טריפט מיט פאַרנעפּלטער שרעק,
ווי שטילקייט פון חורבה ביים וועג,
ווי נאַכט אויף פאַרבלאָנדזשעטן העק.

אין טונקעלע טעג,
בלאָז פאַנאַנדער דעם פונק אין דיין ליד,
און טראָג אים אין טונעל פון געמיט,
ווי זון צווישן וואָלקנס צעגליט.

# אין מאַשין

וואַלד פון ביידע זייטן שליאַך
יאָגט זיך, יאָגט זיך
אויף צוריק.
זון אויף ביימער־שפּיצן גליט.
ס'לעשט זיך פענצטער פון מאַשין.
פייגל־סטאַיע הייבט זיך, פליט
און — פאַרשווינדט.
רעדער־רויש וועקט אויף אַ ווינט
אויף ווייטן קוסט.
פויל און מיד
וויגט ער גראָזן איין צום שלאָף —
שלאָפט־איין אַליין,
ווי שטילע שאָף.

רו אויף וועגן, רו אין וואַלד.
שטילער, שטילער.
טרינק מיין אויג, טרינק דעם גרין,
זאַפּ אים איין.
ס'לויפט אַוועק פון טאָג די שיין,
לאָזט אַ זוניק־העלן פלעק
אויפן אויסבויג פונעם וועג.
מילד, פאַרטראַכט,
פאַלט צו די נאַכט.
אַ שטיבל דרימלט,
לאָדנס — צו.
רו, מיין האַרץ,
רו.

# מינוטן פרייד

טאָכטער מיינע, טאָכטער ליבע,
אויסגעוואַקסן שלאַנק, גראַציעז;
יוגנט זינגט אין דיינע גלידער,
בליסט ווי פריש־צעהעלטער בעז.

כ׳האָב געלערנט דיך זיך היטן
פאַר אַ שטרויכלונג אויפן וועג;
לאַכסט אַצינד פון מאַמעס ציטער,
פון „מען טאָר נישט״ און „מען מעג״.

ס׳איז דאָס לעבן אַ געראַנגל,
פול מיט רייץ און מיט געפאַר;
פאַר מינוטן פרייד, מיין טייערע,
צאָלט מען, טיילמאָל, יאָרן צער.

כ׳האָב באַשירעמט דיך פון רעגן
און געקעכלט דיינע טריט;
איצטער לויפסטו ווינט אַנטקעגן —
כישוף־ליכט פון ווייטן ציט.

ליכטלעך לייכטן נישט ווי זונען,
גייען אוים דאָך, צאַנקן באַלד;
כ׳האָב אויך אַמאָל אַ טרוים געשפּונען —
נאָר דו טראַכסט, איך בין שוין אַלט.

ווי אַ פלאַטערל ביים פייער,
ווייסט נישט, שפּירסט נישט קיין געפאַר.
נעם, מיין קינד, די פרייד־מינוטן —
זאָלסט ניט וויסן פון קיין צער!

# זומער

די זון האָט היינט געקושט די ערד
מיט פייערדיקע ליפּן;
די ערד, פאַרחלשט מיט באַגער,
אַן אָטעם איז געבליבן.

עס שמעקט איר גוף מיט רייפער פרוכט,
פון פרישן טוי געוואַשן;
און איך, דאָס קינד פון ערד און זון,
וויל אַלע פרוכטן נאַשן.

ס'איז שפּעטער זומער, צייט פון זעט,
פון פעלדער ווייץ־באַהאַנגען;
און איך, פאַרשמידט אין שטיין פון שטעט,
גיי־אוים נאָך גאָלד פון זאַנגען.

עס ליגט די ערד באַפרידיקט, הייס,
מיט זון, מיט ליכט צעשטראַלטן,
און שכורט אַן זיך מיט מיין שווייס,
ווי מיט ווייַן, מיט אַלטן.

## זומער־לעב . . .

זומער־לעב און הילך פון שאָסן.
איז עס נאָענט, איז עס ווייט?
רו פון האַרץ, ווי טרער פאַרפלאָסן
אין שטראָמען ברויזיקע פון צייט.

אָפּרו־טאָג אין גרינעם גאָרטן:
זייד פון בלעטער, שפּיל פון קינד.
שטייט אַ בוים און וויינט אין שאָטן:
צווייג צעבראָכן האָט דער ווינט . . .

פרייַ פון קליידער, פרייַ פון זאָרגן,
כ׳שווים אויף רוקן פון דעם ים,
ערשט עס נעמט אַ רויך מיך וואָרגן,
בלויער ים רייסט אויף אין פלאַם . . .

זומער־לעב: דאָס האַרץ זוכט ווידער
פרייד אין רו — אַ שטילע שעה.
נאָר עס פאַלן מיינע ברידער . . .
ערגעץ ווייט און אָט־אָ דאָ.

# קום צו מיר . . .

קום צו מיר אין פריען האַרבסט.
פרוכטן רייפן אין מיין סאָד.
יעדער צווייג באַלאָדן וואַרט
דורך נעכט און טעג אויף דיין באַריר.
וואַרט ניט ביז דער ווינטער שמידט
אייז און שניי אַרום מיין טיר, —
קום און זע ווי אין מיין סאָד
יעדע פרוכט אין רייפקייט וואַרט.

קום און זע — די לעצטע רויז
שפּיגלט זיך אין זון־פאַרגאַנג;
אַ פויגל זינגט מיט דינעם קול,
זינגט אַ גאָלדן־מילד געזאַנג;
אַ בוים, צערויטלט, וויגט זיך מיד, —
און קיינעם, קיינעם טוט ניט באַנג,
וואָס דער זומער האָט פאַרבליט, —
קיינעם, קיינעם, אחוץ מיר . . .

וואַרט ניט ביז דער ווינטער שמידט
אייז און שניי אַרום מיין טיר.

# אַ בלאַט

דער זומער פאַרגייט אין פלאַקער פון פאַרבן.
עס צינדט זיך דער בלאַט אויף קוסט און אויף בוים.
ער ווייסט ניט, ער אָנט ניט זיין שיינקייט אין שטאַרבן,
ער גליט מיטן פייער, דעם לעצטן, אין רוים.

ער ווייסט ניט, דער בלאַט, ס׳איז נעכטן געפאַלן
זיין ברודער פון צווייג און ליגט אונטן  ט ו י ט .
ער ווייסט נאָר זיך וויגן, זיך ציען צו שטראַלן,
פון גרין ווערן גאָלד, פון גאָלד — שאַרלאַך־רויט.

דערגרייכט שוין די העכסטע מדרגה פון פאַרבן,
דעם דראַנג פון „ צ ו  ו ו ע ר ן “ דערפילט ביזן סוף.
איצט מעג ער שוין רוען, איצט מעג ער שוין שטאַרבן, —
זיין ש י י נ ק י י ט  וועט לויכטן אין האַרבסטיקער סטראָף.

# האַרבסט־טאַנץ

אין פאַרכישופטן קרייז פון שטראַליקן רויט,
עס דרייען זיך, טאַנצן ל ע ב ן און ט ו י ט.

רונד אַרום טאָלן, רונד אַרום בערג —
אין פלאַמען פון פאַרבן זיי ווערן פאַרצערט.

פאַרפּוצטע, פאַרפלאַמטע, פאַרשיכורט פון ווינט,
עס וויגן זיך צווייגן אין ריטם געשווינד.

אַרום שטאַם פון אַ בוים — אַ ראָזעווער קראַנץ,
ווי מיידלשער אָרעם פאַרוואָרפן אין טאַנץ.

אין וועלדער, אין סעדער, אויף גאַסן פון שטאָט,
בלעטער אין ווירבל — אַ קאָנפעטי קאַראַהאָד.

קופּער און בראָנז, שאַרלאַך און גרין —
דרייען זיך, טאַנצן אין אָרעמס פון ווינט.

אַ גאָלד־געלער בלאַט פאַלט אַרוים פון דעם ראָד,
אָן אָטעם ער פאַלט אויפן פאַרקן ביים סאָד.

זיין ברודער פליט נאָך און פאַלט צו דער ערד —
די זאָמען פון פ ר י ל י נ ג מיט גוף זיינעם נ ע ר ט...

# ר י י פ ק י י ט

כ׳האָב ליב דעם פרילינג, ווי אַ כלה
וואָס פלאַטערט מיט באַגערטן גליק;
נאָר האַרבסט אין רייפקייט גאָלדיק־רויטער,
פאַרשיכורט מיך — באַזיגט.

אין פרילינג רייצן ערשטע שטראַלן,
דער ראָזער צויבער פון באַגין,
ווען פון נעפלען — גרויע שאַלן —
עס שיילט זיך אויס אַ בוים אין גרין.

מיך ציט צו האַרבסטיקע פאַרנאַכטן —
זיי זיינען ציטערדיק אַזוי:
עס ברענט די וועלט אין פייער־פלאַקער,
ווי אין אומרו — אַ רייפע פרוי.

# די בענקשאַפט פון ווינטער

איך בענק נאָך דער ליבשאַפט וואָס קומט מיטן פרילינג,
איך זוך זי אין ווינטער אויף פּראָסטיקער גאַס —
די הייזער פאַרפראָרן, פאַרהאַקט און פאַרריגלט,
די שויבן פון פענצטער פאַרלאָפן און נאַס.
די ביימער בלויז שטייען אין נאַקעטן ציטער,
צו הימלען די גלידער געשטרעקט אין געבעט —
זיי טראָגן די בענקשאַפט דורך ווינטער-געוויטער,
זיי היטן זי אוים פון שלעסער אין שטעט.

און איך בין אַ בוים געצוימט מיט צוימען,
פאַרוואָרצלט אין וואַרעמער, מענטשלעכער ערד;
די הימלען איך טראָג אין ערדישע טרוימען,
אין טאָלן איך ברענג די בענקשאַפט פון בערג.
און כ׳טראָג אָט-די ליבשאַפט וואָס קומט מיטן פרילינג
אפילו אין ווינטער אויף פּראָסטיקער גאַס —
כ׳וועל אויפרייסן הייזער פאַרפראָרן, פאַרריגלט,
געפינען אַ מענטשן פאַרבענקט און אין כעס . . .

אין כעס אויפן גלייכגילט פון וואַרעמע שוועלן,
וועז רוי און צעכראַסטעט עס רייסט זיך דער ווינט
און ווירבלט די שנייען אויף שויבן-געמעלן
און וואָיעט אין חורבות, ווי טשאַטע פון הינט.
מיר וועלן צעשמעלצן דעם גליווער פון וואַרטן
און צוימען אויף גאַסן דעם הפקר פון ווינט;
און טראָגן די ליבשאַפט פון פרילינג געגאַרטן,
און טראָגן די בענקשאַפט פון ווינטער צעגרינט.

# ווינטער אין וואַלד

קום מיט מיר אין וואַלד אין ווינטער.
זע אין פראָסט ווי סאָסנעס גרינען;
זע אינצווישן בלענד פון שנייען,
קלאָרע, פרישע שטראָמען רינען;
ווי די דעמבעס שטרעקן צווייגן
מיט פאַרבענקטע פינגער דינע,
ווי זיי וואַלטן אין דעם שווייגן
פון דעם וואַלד, אַ חלום שפּינען . . .

קום מיט מיר ווען ווינטן זינגען
אין דעם וואַלד אוראַלטע לידער,
און דיביימער ריטמיש שווינגען
די צעצווייגטע, שלאַנקע גלידער.
הערסט דאַ ברומען פון זאַווייען
און דעם וואָי פון וועלף, פון ווילדע,
און דעם ניגון פון די שנייען
ווען זיי פליען, קלאָרע, מילדע . . .

קום, ווען ס׳פאַלן שאָטנס לאַנגע
אויפן גאָלד פון זון־פאַרגאַנגען:
דאַכט זיך, ס׳ציען פאַרטיזאַנען
מיט טריט פאַרטאַיעטע, געצאַמטע . . .
און דער וואַלד איז פול מיט קלאַנגען
און מיט שייטערס זון־צעפלאַמטע,
ווי מיין האַרץ איז מיט געזאַנגען,
ווען עס פאַלן שאָטנס לאַנגע.

לאָמיר טרינקען וויין פון ווינטן
און די אורקראַפט פון די שטאַמען,
ביז דעם פרילינג, דעם צעגרינטן,
לאָמיר אין דעם וואַלד דאָ שפּאַנען!
גרינע סאָסנעס, בלויע הימלען,
צווייגן שניי־באַצירטע, דינע, —
אָ, מיין ליבער, אויך אין ווינטער
גאָלדיקט חלום, וואָס מיר שפּינען!

# שניי־שטערן

שניי־שטערן לויכטן אויף טונקעלע שטאַמען,
אויף וואָרצלען פאַרטריקנט פון צייט ;
גליען אין גליווער פון פראָסטישע צאַמען,
ווי אויגן, זיי ווינקען פאַרשייט.

פייער זיי האָבן פון זונען געפאַנגען,
פון הימלשע שטערן — דעם גלי ;
פינקלען די פונקען אין ווינטער־געזאַנגען
אויף ביימער אין שנייאיקן בלי.

און איך בין דאָך ערדיש. מוז טרעטן, אוי, טרעטן
אויף בלענדיקן פוך, אויפן שנייאיקן לאַן . . .
ס׳וואַרעמע בלוט מיינס קאָן זיך ניט זעטן
ביז נעענטער צו ביימער צעהעלטע איך שפאַן.

— שטערנדלעך קליינינקע, כ׳וויל אייך באַרירן !
איך צי זיך צו אייך אַזוי לאַנג . . .
אָ, לאָזט ניט די פינגער, די וואַרעמע, פרירן,
צ ע ג י י ט   נ י ט ,   אָ, אונטער מיין האַנט !

מ׳טאָר ניט, מ׳טאָר ניט באַרירן קיין שטערן !
בלויז טרינקען מיט אויג זייער פראַכט . . .
שניי־שטערן הענגען — קרישטאָלענע טרערן —
פינקלען אין פראָסטיקער נאַכט.

## אַ זוניקער מאָרגן

אַ זוניקער מאָרגן,
אַ פּראָסטיקער גלי, —
די שאָטנס, די זאָרגן —
פאַרפליט, אָ, פאַרפליט!

פון ראַדיאָ, ווי קנוילן,
געפלאָנטער פון האַס,
פאַרוויקלען, פאַרהוילן
די זון אויף מיין גאַס.

פאַרמאַך איך די ראַדיאָ,
דעם שנאה־גערודער —
אויף פּראָסטיקע גאַסן
כ׳גיי זוכן מיין ברודער.

פון שטראַלן געשפּונען
די הייזער, די ווענט —
איך וועל אים געפינען,
מיין מיטקעמפער־מענטש!

מיר וועלן אַ שפּאַן טאָן
געאָרעמט אין צוויי׳ן,
און קיינמאָל שוין מער
וועט די זון ניט פאַרגיין!

# בוים, דו העל־צעגרינטער

בוים, דו העל־צעגרינטער,
דו, פרילינג פאַר מיין שטוב!
דורך דער שויב פון ווינטער,
ווייס און קאַלט און טריב,
האָב איך דיך געזען דאָ
אין דיין פרילינג־קרוין,
און מיין האַרץ אין וואונדער
האָט געגאַפּט, געשטוינט . . .

דעמאָלט, פונקט ווי איצטער,
האָסט צו מיר געשטראַלט;
מיך גערופן דיך באַרירן,
ווי אַמאָל אין וואַלד
אין אַ שפּיל מיט קינדער,
אין אַ לויף־געוועט, —
כ׳פלי נאָך אַלץ באַרוישט פון וואונדער
און קום־אָן — ווידער שפּעט . . .

בוים, דו העל־צעגרינטער,
טראָג מיך אין דיין בלי:
ס׳איז צו לאַנג דער ווינטער,
ס׳רופט מיך אַלץ דער פלי.
לאָז מיר דיך באַרירן
אויפן וועג אַהין,
וועט מיין האַרץ מיך פירן —
פריש און צאַרט און גרין.

# קאַרשן־בליטן

קאַרשן־בליטן — שמעטערלינגען
פאַלן, פאַלן אין געפלי:
יוגנט מיין אין חלום־רינגען,
כישוף־לאַנד אין וואונדער־בלי.

ס'קלינגט אַ ניגון ניט־דערזונגען,
רופט אין שאָרך פון ראָזן צווייט:
— זינג צו גלידער אייביק־יונגע,
זינג, אָ, זינג דאָס צויבער־ליד!

צווייגן האַלדזן אום אַלייען,
שפּרייטן חופּה — ראָזן סכך;
ווייסע קראַנצן — כלה־שלייערס —
אויסגעפלאָכטן איבער נאַכט.

ראָזע, ווייסע סאַמעט־בליטן
און אַ כוס מיט בלויען שיין:
— טרינק צו מאָרגנס העל־צעבליטע,
טרינק, אָ, טרינק דעם וואונדער־ווײַן!

ערד אין פרילינגדיק געשאָרן,
אָפּגעפּוצט און אָפּגעהיט.
(ווײ, אויך ערד אויף פרישע קברים
בליט מיט צוויטן, אייביק בליט...)

קאַרשן־בליטן פאַלן, פאַלן,
טרייבן טרויער, היילן וואונד:
— נעם, צעהענג די בלעטלעך־שטראַלן,
צינד, אָ, צינד אַ נייע זון!

שכור איז מיין בלוט מיט שיינקייט,
נאָר די וועלט איז קראַנק מיט שרעק.
כישוף־לאַנד, פאַרבלייב אין האַרצן
דורך די שווערע, שווערע טעג.

# ביים ים

### א.

אַזױפיל דיכטער האָבן דיך באַזונגען
מיט װערטער פלאַמיקע און צאַרטע ;
דײַן שטורעם און דײַן מילדקייט
אין שורות ריטמישע צעקלונגען ;
דײַן פאַרבן־שפּיל מיט פאַרבן גליאיקע
און לאַסטשענדיק־מאַטע,
אין בילדער פּליסיקע געמאָלן ;
און איבער דײַנע כװאַליעס־בערג,
און כװאַליעס־טאָלן,
דאָס ליד פון דײַן בראשיתדיקער יוגנט,
װי אַ האַרף צעהאַנגען.

שטײ איך איצט פאַר דיר
און קלאַנגען, קלאַנגען אין מיר קװעלן,
מיט רויש פון דײַנע כװאַליעס שטורמיש זיך פאַרמעסטן ;
און כ׳קאָן זיך מער שוין ניט אויף ברעגן זאַמדיקע
װי אַ פרעמדע שטעלן,
און כ׳קאָן שוין מער ניט זאָגן :
כ׳בין געקומען דאָ די שפּעטסטע.

די האַרף אין זון מיט גינגאָלד שפּיגלט.
די סטרונעס שנײַדן אײַן די כװאַליעס
און טײלן זײ פאַנאַנדער.
און פון די גרונטן דײַנע, פון דײַן גרינעם װיגל,
פינגער שפּילנדיקע הייבן זיך,
און רופן מיך
אַהײם פון לאַנגן װאַנדער.

ב.

כ'האָב די זון היינט איינגעשלונגען
און פאַרטרונקען מיטן ים;
מיינע אָרעמס ברייט צעשוואונגען,
אויפגעלייזט פון ערד דעם צאַם.

כ'האָב אויף כוואַליעס היינט צעשאָטן
מיינע טעג פון פרייד און צער;
זאַמד פון צייטן ווילד צעטראָטן
און געחוזקט פון געפאַר.

האָבן כוואַליעס זיך צעבייזערט
און אַ ווינט האָט זיך צעיאָגט:
אַ וואַסער־פערד, מיין גוף דעם הייסן,
אויף צאַפּלדיקער גריווע טראָגט.

טויכט מיט מיר אַראָפּ צו גרונטן,
הייבט מיך איבער כוואַליעס־בערג, —
אומזין, אומזין אין זיין יאָגן
נישט צום הימל, נישט צו ערד!

האָריזאָנטן ווייטע ציען,
מעוועס נידערן ביים ראַנד.
איך, אָן פליגל, וויל אויך פליען,
הימלען אָנרירן מיט האַנט . . .

זון־פאַרגאַנג אין וואַסער־פלאַמען . . .
ס'רוישט אין מיר דער ברום פון ים . . .
נאָר די ערד איז מיר אַ מאַמע:
רופט מיך, רופט צוריק אין צאַם.

ג.

גרוי דער הימל, גרוי דער ברעג,
און דער ים איז וואו אוועק.

ס׳הענגט אַ שווערע נעפּל־וואַנט,
שלינגט די וועלט, דעם הימל־ראַנד.

ס׳בלאָנדזשעט ווער אין נעפּל בלינד,
וויינט ווי אַ פאַרלוירן קינד.

גלאָק צעקלינגט זיך אומגעריכט,
ס׳צינדט און לעשט זיך וואו אַ ליכט.

ווי אויף יענער זייט פון וואַנט,
מיט לאַמטערנע ווער אין האַנט,

וויגט זיך, פלעמלט־אויף און שטאַרבט . . .
רויט און געל דורך גרויער פאַרב.

פון אַ שיף דער סילועט
וויגט זיך שוואַרץ אויף כמאַרע־בעט.

הוילער, הייזעריקער ברום,
אוים־גע־צוי־גע־נער או־או ! —

שניידט די שטילקייט פון דעם ברעג,
טריפט מיט אומבאַוואוסטער שרעק,

ווי די גרויסע, שיינע וועלט,
וואָלט שוין בלייבן גרוי, פאַרשטעלט.

ד.

דער ראַנגל אין דיין טונקעלער טיף
צום אויבערפלאַך זיך רייסט אין שטורעם,
ווי ס'הויבט זיך אונטערוואַסער־שיף
אַרויף צום אַנגריף, פון די גרונטן.

כּאַאָס בראשיתדיקער, רויער,
געשלאָסנקייט פון ברעגן שטורעמט:
טרעט־אָפּ די פרייד, טרעט־אָפּ דער טרויער,
אין קאַמף צעבויטעט, ווי אין בונטן.

די קראַפט וואָס שלעפט צוריק דעם ים,
איז אייביק ווי דער גאַנג פון שטערן;
פלאַמט־אויף זיין צאָרן קעגן צאַם,
מיט ווילדן אימפּעט שמעטערט ברעגן.

די וואַסער־ווענט, ווי מחנות קריגער,
מיט רעש — פאַררעטער־קראַפט אַנטקעגן!
נאָר ס'לויפט שוין אָפּ צוריק די כוואַליע . . .
בלויז מ ע נ ט ש באַזיגט דעם צאַם פון ברעגן.

ח.

ביסט העל אַזוי און ליכטיק־מילד
אין דעם פרימאָרגן נאָכן שטורעם;
נאָר איך געדענק דיך פינצטער, ווילד,
מיט ווייסן שוים אויף שוואַרצע כוואַליעס.

דו פליסט אַזוי געמיטלעך שטיל
אין דעם פרימאָרגן נאָכן שטורעם;
נאָר איך הער אַלץ דיין ווילד געבריל,
ווי רעווע פון מיליאָנען חיות.

דו טראָגסט די שיפן אַזוי גרינג —
ווי צירונג אויף דיין ברוסט זיי פינקלען;
און איך זע אָפּגרונט וואָס פאַרשלינגט,
כ'זע ווי שליידערסט זיי, צעברעכסט זיי.

און ווען די מעוועס לייכט, גראַציעז,
צעשפּרייטן זייערע זילבער־פליגל, —
גייט־אויף דער וואָי פון ווינט אויף ברעג,
און פליגל־פּאַך — ווי שווערער קרעכצן.

ביסט ליב און מילד און שטיל אַצינד,
און צערטלסט מיך מיט קילע אָרעמס;
דו וויגסט מיך ווי אַ פּיצל קינד
און זינגסט אַ ליד מיר ווי אַ מאַמע.

נאָר איך געדענק דיין בייזן צאָרן
אויך אין פרימאָרגן נאָכן שטורעם:
כ'בין עלטער דורך דער נאַכט געוואָרן
און דו בלייבסט יונג ווי אַלע ימען.

# מיט פולע קרוגן כ׳קום צו אייך

אין פולע קרוגן כ׳טראָג צו אייך
געטראַנק פון שפּרודלדיקן קוואַל,
וואָס שפּאַרט דורך באַרג און פעלזן־שפּאַלט
און שטראָמט אַריין אין ברייטן טייך —
מיט פולע קרוגן כ׳קום צו אייך.

איך קום אין הײמען פון מיין לאַנד
אין טעג פון אומרו און פון שרעק,
און איידער ס׳גייט דער טאָג אַוועק
ווערט פולער נאָך די קרוג אין האַנט . . .
עס קוועלט דער זעלטענער געטראַנק,
וואָס לויכט ווי זון און שפּילט ווי וויין;
איר נעמט מיך אויף ווי ליבן פריינט,
איר טרינקט און שטילט דעם דורשט פון טעג —
קלינגט־אָפּ געזאַנג וואָס טרייסט און וועקט,
לויכט־אויף אַ ליד פון לויטער שיין —
איר טרינקט און כ׳שטראָם אין אייך אַריין.

און מיט יעדן טראָפּן וואָס איר טרינקט,
איר גיסט אַריין אין קרוג די פרייד,
דעם גלויבן ערלעכן פאַרזייט
אין אייער טעגלעך־שווערער מי;
ווערט פולער, שווערער, קרוג אין האַנט:
עס פלייצט דער גלויבן איבער ראַנד,
שרומפּט איין דעם פּיין, פאַריאָגט די שרעק;
עס פלייצט דערהויבונג איבער ברעג,
צעפינקלט וואָרט און טראָט און קלאַנג
אין עקשנותדיקן גאַנג
אַריבער אָפּגרונטן פון טעג — — — —

און קום איך מאָרגן צווישן אייך,
מיין קרוג איז פול ווי פרילינג־טייך.

# כ׳האָב ליב דיך, לאַנד מיינס

כ׳האָב ליב דיך, לאַנד מיינס, ליב דיין פּראַכט.
ביסט יונג אַזוי און פול מיט קראַפט.
איך בין פאַרוואָרצלט אין דיין ערד,
ווי אַ בוים מיט פרוכט באַשווערט.
איך זוך די זון פאַר הויזגעזיינט —
איך בין אַ מאַמע און — דיין קינד.

ווי אַ קינד, איך רוף דיך, רוף,
און זוך געטריישאַפט אין דיין גוף;
איך טוליע זיך צו פולער ברוסט
און דיין האָניק-מילך איך גלוסט;
און ס׳טוט מיר ווי, ס׳טוט ווי ביז ביין,
ווען דיין האַרץ צו מיר איז — שטיין . . .

ווי אַ מאַמע — כ׳שטראָף דיך, שטראָף:
מענטש איז ניט אַ שטילע שאָף
און אַ טאַטע מיט אַ שטעקן
קאָן קיין ליבשאַפט ניט דערוועקן . . .
פאַלן זין אויף ווייטן פעלד,
פאַלט-איין מיין האַרץ, פאַלט-איין מיין וועלט.

איך בין אַ מאַמע און דיין קינד,
איך וויל די זון פאַר מיין געזינט.

# דער אינדזל פון טרערן

.1

עס טראָגט זיך אַ ברום פון דעם אינדזל פון טרערן.
אַרום ברויזט דער ים פון שנאה און שרעק.
וועט ווער דאָ דעם רוף דורכן שטורעם דערהערן?
וועט ווער דאָרט דערלאַנגען צום ליכטיקן ברעג?

דער אינדזל פון טרערן ביים טויער פון האַפן —
כ׳געדענק אים, כ׳געדענק אים, מיט ציטער פון האַרץ . . .
די מידע, געיאָגטע, פון שחיטה־געלאָפן,
דאָ האָבן מיט האָפענונג און פלאַטער געוואַרט.

און איך צווישן זיי — אַ ביימל אָן וואָרצלען,
מיט חלום פון פרייהייט און גלויבן אין בלוט . . .
אָ, לאַנד מיין, האָט ווער דען פון דורות פאַרוואָרצלט,
מער ליבשאַפט געבראַכט דיר, מער וויזיע און מוט?

מיר האָבן די טרערן פון אינדזל געזאַמלט,
פאַרקנאָטן מיט שוויים, מיט געזאַנגען באַשטראַלט,
געביידעם דערהויבן מיט שטאָלענע ראַמען,
אין קאַמפן דערהויבן דיין פּרעכטיק געשטאַלט.

ס׳איז אייגן געוואָרן די שיינקייט פון שטאָטן,
דער פּשוטער מענטש, די רחבותע ערד;
ירושה פון ערשטע, באַפרייערשע טאַטעס,
ווי לייבלעכע קינדער פאַרנומען, געערט.

פאַרנומען דעם אָנזאָג אויך ווייטער מאַרשירן
צום באַרג־שפּיץ פון ליכט און פון שפע און גליק,
און היטן די פרייהייט, נישט לאָזן זיך פירן
פון גייציקע, בלינדע, וואָס שלעפּן צוריק.

מיט ברידער גערייניקט די פּאַראורטייל-סמען,
געיעטעט דאָס ווילד-גראָז פון פרוכטבאַרן פעלד;
איצט פלאַקערט אַ שרפה און ס'דראָען די פלאַמען
דאָס בליען פון לעבן אויף ליכטיקער וועלט.

.2

אַנטקעגן דעם אינדזל — די מוטער פון פרייהייט.
פאַרשטיינערט, פאַרפראָרן דער פאַקל אין האַנט . . .
וואָס ברייטער עס שפרייט זיך פון שנאה דאָס פייער,
אַלץ טונקעלער צאַנקט דאָרט דאָס ליכט אין איר האַנט.

זי שטייט אַ פאַרשעמטע: פאַרוואונדעט, פאַרלאָרן.
זי זוכט אין דער ווייט אַ זיכערן ברעג
פאַר נייע געיאָגטע פון פינצטערן צאָרן —
ד י נעמט זי ניט אויף — ד י שיקט מען אַוועק . . .

עס ראַנגלט זיך, טרינקט זיך אויפן אינדזל פון טרערן
דער גאָלדענער חלום פון פרייהייט און גליק.
אַ, ווער וועט געפּאַר-רוף דורכן שטורעם דערהערן
און געבן דעם פאָלק זיין חלום צוריק?!

# ברענענדיקע צלמים

.1

מילדע דרום-נאַכט,
אויף שטאָלצע, שלאַנקע פּאַלמעס
רוט דיין אָטעם. שפּרייטסט אויס
די טונקעלע פליגל, ווי די מעוועס
אויפן ברעג פון ים,
און שוועבסט אין ליכט לבנה׳קער,
פון לייכטקייט אייגענער באַצויבערט.

אָ, מילדע דרום-נאַכט,
איך האָב דיין ליכט געטרונקען,
געשעפּט דיין זיס געטראַנק.
אין שעפּטשענדיקע ווינטלעך,
אין דרימלדיקן גראָז,
איך האָב פון גליק גע׳חלומט,
פון רו געבענטשטער
אין דיין שוים געטרוימט.

נאָר נישט באַשערט איז מיר קיין רו.
אין נאַכטיקער, אין שטילער שעה,
דו האָסט פאַרראַטן מיך,
פאַרוואונדעט.
איבער האָריזאָנטן טיפע, בלויע,
מיט שטערן פינקלדיקע, ליכטיקע
באַשפּרינקלט,
דו האָסט צעצונדן און צעפלאַקערט
דראָענדיקע
ליכטער טמא —
צלמים האָסט צעצונדן,
ברענענדיקע צלמים!

.2

דרום-נאַכט,
דיין מילדקייט איז אַ צודעק,
דיין שיינקייט — אַ פאַרבלענד.

פּאַקן־לעכער אויף דיין פּנים,
דו פאַרדעקסט, פאַרשטעלסט.
אונטער פּוץ פון קליידער בונטע,
ברענען וואונדן אויף דיין גוף,
פון אונטער דיינע רייץ־פּאַרפומען
טראָגט זיך העסלעכער גערוך . . .

. . . מיט צירונג פינקלדיקער גלאַנצן שויבן,
מיט שילדן פאַרביקע עס ווינקט פאַרשייט די שטאָט ;
וואָלקן־קראַצערס פינטלען מיט גאָלד־באַזוימטע אויגן,
פאַרלעך טאַנצן, וואַקלען זיך אין טראָט.
ציימונג־קעפּ לויפן אין גאַלאָפּ,
יאָגן־איבער פערד און הינט־געיעגן,
רייסן זיך די העלדזוער
מיט מענטשן־פרעסערישן טראָפּ,
און איבער חורבות קרומע, לאָמע,
עס קרייצן זיך,
עס פלאַקערן
ברענענדיקע צלמים.

3.

שייטערהויפנס
האָבן אויך געברענט
אין מילדע, דרומדיקע נעכט.
גאַז־אויוונס
האָבן דאָך גערויכערט
אויך אין זון־צעפלאַמטע טעג,
אויך אין צויבער־ווייסע נעכט.
ווען בלומען־קנאָספּן
האָבן אין רייפער ליבשאַפט זיך צעעפנט,
און נאַכטיגאַלן
זיסע בענקשאַפט אין דער נאַכט געגאָסן,
עס האָבן איבער הימלען טיפע, בלויע,
זייער רויך און פלאַם אַרויפגעשאָסן
די קרעמאַטאָריעס
פון מאַידאַנעק און טרעבלינקע !

.4

ווייסע קיטלען, ווי געשפענסטער,
אין דער מילדער נאַכט.
אָ, איך וועל זיי זען שוין שטענדיק
ווען לבנה לאַכט.
שפּיצן־הילעס אויף די קעפּ
מיט שניטן, אויגן־לעכער,
כ׳וועל זען אין יעדן טורעם־שפּיץ
וואָס סטאַרטשעט פון די דעכער.
ווען נאָר עס וועלן זילבער־וואָלקנס
אין טונקעלער נאַכט זיך טונקען,
כ׳וועל זען ווייסע פעדערן
אין שוואַרצער סמאָלע זינקען;
און ווען עס וועלן פּאַלמען־צווייגן
אין מילדער נאַכט זיך וויגן,
כ׳וועל זען תּליות גרויליקע,
הערן אין ווינט דעם ניגון
פון לעצטע קרעכצן מענטשלעכע,
פון לעצטע, שטומע רופן,
כ׳וועל זען אויף יעדן הויכן בוים
הענגענדיקע גופן.

.5

אָ, וואו זאָל איך פון שיינקייט טרינקען,
אַז פאַר׳סמ׳ט איז דאָ דער קוואַל,
דער ברונעם?
ווי קען דען רו מיין האַרץ געפינען,
אַז אין מיין מאַרך,
ווי איבער דיינע בלויע הימלען,
עס קרייצן, שטעכן שפּיזן־פלאַמען?
ווי קען איך איצט פון גליק גאָר טרוימען,
ווי קען איך זינגען דען אין שלום,
ווען ס׳פלאַקערן ברענענדיקע צלמים?
דראָענדיקע, גרויליקע,
ווי האַקן־קרייצן —
צלמים!

# די באַלאַדע פון דעם נעגער דזשאָן

.1

ביי אַן איינזאַמען וואָקזאַל,
שטייט אַ שטיבל ווי אַ שטאַל.
אַלטע ווענט געהויקערט, שווער,
בויגן זיך צו הוילער ערד,
וואו די שינעס גלאַנציק, לאַנג,
ציען אין דעם רייכן לאַנד,
און די באַנען, פרי און שפּעט,
פירן האָב־און־גוטס אין שטעט.

דאָרט אין שטיבל אויפן ראַנד,
אויפן אָנשיט פון דעם זאַמד,
וואוינט דער שוואַרצער טרעגער דזשים
מיט זיין ווייב און מיט זיין קינד.
שלעפּט די שווערע פּעק און זעק
אויף דער סטאַנציע, אין דעם העק, —
זעק מיט ביינוול, קאַסטנס פרוכט.
איינגעבויגן, גייט ער, זוכט
אויף דער ערד דאָס ליכט פון טאָג,
וואָס איז אין פּראַצע דאָ אַוועק.
און זיין ווייב, די שטילע לאַם,
פרעמדע שטובן רייניקט, ראַמט.
טראָגט געדולדיק שווערע לאַסט,
איז ביי זיך אין הויז אַ גאַסט.

און אין שטיבל רינט דער דאַך . . .
פאַלט אַ רעגן דאָ ביינאַכט,
קלאַפּט ער אין די בלעכן, טעפּ,
אָנגעשטעלט אויף דילן, טרעפּ.
און די זון בלויז דאַן שיינט־אויף,
ווען דאָס יינגל דזשאָן שטייט־אויף
און צעזינגט זיך אויפן קול.

מאַמע גלעט די האָר, ווי וואָל,
טאַטע לאַכט און פּייפט אַ ליד,
דזשאַני טאַנצט מיט יעדן גליד
און די מאַמע פּליעסקעט צו:
„האָניק־קינד, מיין שיין, מיין זון!"

ווען זיין מאַמע וואַשט די וועש
אין דער קיך פון מרס. נעש,
זיצט ער אין אַ העמד און שניפּס,
טאָר ניט לאָזן דאָרט קיין פּיפּס.
שפּעטער, ווען די מאַמע מיד,
גייט אַהיים מיט שווערע טריט,
קוליעט ער זיך אויף דער ערד,
רייט אַ שטעקן ווי אַ פערד,
שפּרינגט אַרום ווי יונגע ציג,
זשומעט ווי אַ זומער־פליג.

ווען זיין „פּאַפּ" איז אין דער היים,
קלעפּט ער אים אַ באַן פון ליים
און ער לייגט זיך אויפן דיל,
פאָרט מיט דזשאַנין אום אין שפּיל,
און זיי ברומען, פייפן צו,
הודען, סאָפּען: טשו־טשו־טשו!

פליט בייטאָג פאַרביי אַ באַן,
לויפט אַרום פון שטיבל דזשאָן,
פאָכעט מיט דער האַנט אין ווייט
צו די אויסגעפּוצטע לייט
אין די פענצטער איינגעראַמט.
און אים דוכט, ער זעט אַ מאַן
מיטן פינגער רופט אים, רופט, —
לויפט ער נאָך דעם רויך אין לופט,
אָטעמט איין דעם שטויב פון ווייט,
ביז די מאַמע זיך צעשרייט
און ער קערט זיך אום אין כעס.

נאָר דער פייף פון באַן, דער בראַזג,
בלייבט שוין, בלייבט שוין אין גערדאַנק,
ווי זיין קינדהייטס זיסטער קלאַנג.

.2

אויפגעוואַקסן איז שוין דזשאָן,
ווי זיין פּאַפּ אריין אין שפּאָן.
מייסטרעווען מיט האַמער, האָלץ,
אייזן שרויפן האָט ער האָלט.
נאָר זיין הויט איז שוואַרץ „קאָלירט",
איז פאַר אים פאַרהאַקט די טיר
קריגן אַרבעט ביי אַ פאַך.
בלייבט בלויז לאָדן באַנען־פּראַכט.
שלעפּט ער ווי זיין פּאַפּ די פּעק,
קאַסטנס פרוכט און ביינוול־זעק,
אויף אַ וואָגן פּאַקט זיי אָן,
לאָדט זיי שפּעטער אין וואַגאָן.
קרעכצט און סאָפּעט ווי די באַן,
הערט אין פייפן: „ריר זיך, דזשאָן!"

זומער, ווען די זון איז הייס,
גיסט זיך טייכנווייז זיין שווייס.
און ער וואַרט שוין אויף דער נאַכט
ווען לבנה מילד, פאַרטראַכט,
שפּרייט די רו אויף שטוב און פעלד.
דעמאָלט טראַכט ער פון דער וועלט,
פון זיין גרויסן, שיינעם לאַנד,
חלומט פאָרן מיט דער באַן
פון דעם ווייסן „באָס" אַוועק,
פון די שווערע זעק און פּעק:
ער וועט לערנען אינזשעניר און
ער וועט באַנען ווייטע פירן,
פאָרן דאָ אַמאָל פאַרביי,
ווי אַ פויגל אויף דער פריי.

ווינטער, ווען אין שטוב איז קאַלט,
און דער ווינט מיט געוואַלט
רייסט די ווענטלעך אין געוואַי,
הייצט די מאַמע אָן מיט שטרוי,
מיט קוילן־אַפּפאַל און מיט האָלץ,
און איר פרייד, איר גרויסער שטאָלץ,
איז די הייסע בעבלעך־זופּ
וואָס פאַרשמעקט די גאַנצע שטוב.
נאָר זיין טאַטע הוסט אַלץ, הוסט,
כאַפּט זיך פאַר דער דאַרער ברוסט.
זאָגט די פּעק אַלץ ווערן שווערער,
און ער קאָן ניט שלעפּן מערער.
ס׳האָט דער „באָס" זיך היינט צעשריגן,
ר׳וועט אַן אַנדערן „ניגער" קריגן!

זונטיק זינגט דזשאָן אין דעם כאָר
אין דער „קירך פון אונדזער לאָרד".
זינגט די הימנען גלויביק, פרום,
זעט די פּנימער אַרום,
ווי זיי בעטן ביי דעם „לאָרד",
ברויט צו זעט, אַ מענטשלעך וואָרט,
און דער גלח זאָגט זיי צו
גליק אויף יענער וועלט און רו.

איינמאָל גייט ער פון דער קירך
פאַרביי דער מרס. נעשם קיך.
און עס שמעקט געבראָטנס דאָרט,
און עס שמעקט אַ פרישער טאָרט,
און עס שפּילט דאָרט ווער מוזיק
אויף אַ פידל מיט אַ סמיק,
אַזש ס׳צעגייט אין אים דאָס האַרץ . . .
פאַרגעסט ער אַז זיין הויט איז שוואַרץ,
פאַרגעסט זיין שטאַנד, פאַרגעסט „זיין אָרט",
נענט צו דער ווערענדע דאָרט
וואו עס שטייט אַ טיש געגרייט;

מרס. נעש אין זיידן קלייד
מיט די שווארצע דינער שאפּט.
שטייט זיך דזשאַני, קוקט פאַרגאַפט
אויף די אויסגעפּוצטע געסט,
ווי מען טרינקט דאָ און מען עסט,
ביז אַ שטים וועקט אים אויף,
ווי פון ווייטן, טיפן שלאָף:
„ניגער ממזר, טראָג זיך אָפּ,
איידער קריגסט אַ קויל אין קאָפּ!"
און אַ לופּע פון אַ ביקס
פאַרן אויג זיך הייבט און שיסט!

דזשאַני לויפט, אין טויט-שרעק פליט,
ס'לויפט אים אַ געלעכטער מיט,
און דער פידלס זיסער קלאַנג
וויקלט ס'האַרץ זיינס ווי אַ שלאַנג.

.3

ווי אַ בליץ אין כמאַרע-טאָג,
האָט אַ וואָרט געטאָן אַ יאָג,
ווי אַ דונער זיך צעקנאַלט,
ווי טרומייט מיט גלי צעשאַלט:
ס'איז דאָס לאַנד אַריין אין קריג,
דאַרף מען דזשאַנען פאַרן זיג.
דזשאַן, דער פּראָסטער נעגער-יונג,
צו דעם לאַנד איז אויך אַ זון.

דזשאַני איז שוין אַ סאָלדאַט.
גייט אַרום ווי אויף פּאַראַד,
ווען ער קומט אויף אורלויב דאָ
פון דעם נעגער-באַטאַליאָן.
גייט פאַרביי דער מרס. נעש,
אין קהאַקי מיט די קנעפּ פון מעש;
קוקט אויף דער פאַרהאַסטער הויז
און ער פילט זיך שטאָלץ און גרויס.

נאָר זיין מאַמע בעט אַלץ, וויינט,
אין דער ביבל תפילות לייענט:
פון מלחמה, פון דעם קריג,
זאָל ער קומען גאַנץ צוריק . . .
און זי קושט זיין יעדן גליד,
גיט אים פרישע קיכלעך מיט
אויפן לאַנגן וועג דאָרט „נאָרט":
„היט אים, שיץ אים, זיסער לאָרד!"

און זיין פאָטער אָטעמט שווער,
ווישט פון אויג אַ שטילע טרער.
זאָגט: „ס'איז שונא ווי דער „קלען", —
וואָלט ער יונג און שטאַרק געווען,
וואָלט ער זיך געגאַנגען שלאָגן,
רוצחים פון דער וועלט פאַריאָגן.
און ער צערטלט דזשאָנים קאָפּ,
בעט אים שרייבן, שרייבן אָפט;
נישט פאַרשעמען „פּאָפּ" און „מאַם",
נישט פאַרשעמען ראַסע, שטאַם,
זיין אַ גוטער, בראַווער יאַט,
זיין אַ העלדישער סאָלדאַט.

דזשאָן פאַרמאַכט פון שטוב די טיר
און אַליין צעוויינט זיך שיר . . .
אָט־די חורבה, אָט־די שטאַל,
נאַס און קויטיק, פינצטער, קאַלט,
האַלט דאָך אין די ווענטלעך איין
זיינע יאָר פון פרייד און פיין . . .
נאָר העכער, שטאַרקער פון געוויין,
גייט־אויף אין האַרץ די פרייד פון ז י י ן:
פרייד פון פאָרן אין דער וועלט,
פרעמד ביז איצט, ווייט, פאַרשטעלט;
נייע וועגן, נייע שטעט,
מענטשן אין פאַרמעסט, געוועט,

קאמפן, שלאכטן אויפן פעלד,
און אומעטום איז ע ר דער העלד . . .

פאפא און מאם פאכען לאנג
צו דעם פענצטערל פון באן.
פון דער זון א לעצטער שטראל
צינדט דיביימער אין א וואלד.
דזשאן, צערודערט, לאזט זיך גיין,
דערפילט זיך פלוצלונג גאנץ אליין . . .
גייט דורך לויפנדיקער באן
אין דעם לעצטן „שווארץ“-וואגאן;
וואונדערט זיך וואס פרייד פון פארן,
בענקשאפט פון די קינדער-יארן,
איז אוועק פון אים דורך טיר,
וואו עס הענגט דער שילד: „קאלירט“.

.4

דזשאן, דער פראסטער נעגער-יונג,
א מעדאל האט פאר זיין וואונד.
אין דעם נעגער-באטאליאן,
מיט דער שטרייף-און-שטערן פאן,
ער'ט מארשירט אין קויט און בלוט.
געפילט דעם פחד און דעם מוט
פון סאלדאט — שווארץ צי וויים —
ווען דער שונא זיך באווייזט . . .
שפאט, פאראכטונג, אפט געשפירט
אין רייד פון ווייסן קאמאנדיר,
און מיט ביטערניש געטראכט:
ס'איז נאך ניט די לעצטע שלאכט . . .
ווייס און שווארץ צעטיילט, צעשיידט
אויך אין „אנקל סעמ'ס“ ארמיי.

ס'איז געשען נאך לאנגן מארש,
ווען די גלידער שטייף און שטאר,
בעטן, מאנען, לעכצן רו.

אויגן קלעפּן זיך שוין צו.
נאָר אַ פוקס-לאָך הייסט מען גראָבן,
קיינער גרייט ניט צו אָקאָפּן,
און עס פאַלט שוין צו די נאַכט . . .

מיטאַמאָל — אַ קנאַל, אַ קראַך!
פייף און אויפרייס פון שראַפּנעל
פאַרטויבן דעם סערזשאַנטס באַפעל.
שונאס באָמבערס — פייער־פייגל —
שפייען, האָגלען פייער־רעגן.
און זיי קומען אַלץ און קומען,
נעענטער, נעענטער — רעווען, ברומען,
וואַרפן אין קאָנוואולסיעס ערד . . .

דזשאָן פאַרדריקט אין האַנט ס'געווער,
קריכט פון פוקסלאָך אויפן בויך.
נאַכט איז פלאַם און קנוילן רויך . . .
ס'רייסט אַ באָמבע אויף ניט ווייט,
עמיץ פאַלט און דריקט זיין זייט . . .
פלוצים וואַקסן פאַר אים אויס
מאַם און פּאַפּ און ס'אַלטע הויז . . .
גראָבט ער זיך אין ערד ווי קראָט,
שעפּטשעט תפילה: „העלף מיר, גאָט!"
דאָ גיט ערד אַ שאָט, אַ ריס,
דעקט־איין זיין גוף ביז די פיס — — — —
ס'רופט זיין מאַמע: „שלאָף ניט, דזשאָן!"
און די ליכטער פון אַ באַן
גיבן זיך אויף אים אַ יאָג,
מיט אַ רעווע זיך אַ טראָג —
ביז ער פילט פון בלוט דעם פלייץ,
מיט אַ פינצטערניש באַגלייט.

.5

אין שפּיטאָל די ווייסע ווענט
צערטלען, קילן וואונד וואָס ברענט.
ווייסע שוועסטער ברענגט אַ טרונק
באַנדאַזשירטן שוואַרצן יונג.
אין דעם קרעכצן מישט זיך אויס
ווי און פּיין פון שוואַרץ און ווייס.
ווען דער דאָקטאָר שניידט אַ גליד,
וויינען אַלע גלידער מיט.
שוואַרצנס, ווייסנס בלוט איז רויט,
גלייך צו יעדן איז דער טויט.

נאָר ס׳איז דזשאַנען נאָך באַשערט
צו באַטרעטן ליבע ערד.
מיט געדולד אויף קוליעס צוויי,
ווי אַ קינד ער לערנט זיך גיין.
ווען ער שטעלט דעם ערשטן טראָט,
ווי ס׳וואָלט שטעכן אים אַ דראָט,
ווי ס׳וואָלט ברענען אים דער שטיין —
ער פאַרדריקט, פאַרקריצט די ציין,
מיט קאַלטן שווייס ער גיסט זיך אָפּ
און ער שטעלט דעם צווייטן טראָט . . .
ביז אויף קוליעס אָנגעלענט,
ער נעמט זיך שאַרן ביי די ווענט.

.6

פאָרט אַהיים צו זיך איצט דזשאָן:
בענדלעך אויף מונדיר פאַראַן,
און אין קעשענע — מעדאַל.
פּירט מתנות: קאָלירטע שאַל
פאַר דער מאַמען, פאַרן פאַ —
אַ האַרמאָניקע אַזאַ,
וואָס ער האָט שוין לאַנג געוואָלט —
שפּילן לידער האָט ער האָלט.

גייט ער פון דער באַן אַראָפּ,
הינקט־צו שווערלעך, טראָט נאָך טראָט,
צו זיין שטוב וואָס ביים וואָקזאַל,
ערשט — עס ברענט זיין היים, די שטאָל!
און זיין פּאָפּ פון באַלקן הענגט
מיט פאַרשטאַרטע פיס און הענט,
און זיין מאַמע רייסט די האָר,
קלאָגט אויף אירע וויסטע יאָר,
שרייט, די רוצחים פון דעם „קלען"
זיינען נעכטן דאָ געווען,
ווילדן בלבול אויסגעטראַכט,
אויפגעהאַנגען פּאָ ביינאַכט,
אָנגעצונדן ס׳הויז פאַרטאָג . . .

און אינמיטן פון איר קלאָג,
ער דערזעט אַ שילד אויף וואַנט
און דערקענט זיין טאַטנס האַנט:
„דזשאָן, ווילקאָמען אין דיין היים!"
רייסט זיך דזשאָן אויף קוליעס צוויי
אין דעם פייער, רייסט זיך ווילד,
אָפּצונעמען דאָרט דעם שילד,
אָפּצונעמען טאַטנס גוף . . .
און אים דאַכט, זיין טאַטע רופט:
אין די פלאַמען שפּילט זיין פּאָ,
שפּילט אַ טרויער־ליד אַזאָ.
צונגען רויטע פון די ווענט
קנאַקן, פּאַטשן־צו ווי הענט . . .
פונדערווייטן פייפט אַ באַן:
„ווילקאָם, דזשאָן! ווילקאָם, דזשאָן!"

ס׳האָט די מאַמע נאָך אין צייט
אָפּגעשלעפּט אים אָן אַ זייט.
מיט אַ סוויסטש און מיט אַ קראַך
איינגעפאַלן איז דער דאַך,

און דעם טאַטנס גוף צעהוילט,
פאַלט, צעפאַלט ווי שוואַרצע קויל.
פאַלט די מאַמע אויף זיין ברוסט
מיט אַ קרעכץ און מיט אַ שלוכץ:
„דזשאַני־זון, האָניק־קינד,
וואו־זשע גייען מיר אַצינד?"

.7

ס'איז די זון שוין לאַנג פאַרגאַן,
שוין אַדורך די לעצטע באַן.
פון די פענצטערלעך אַ פאָך
הענגט נאָך איבער זייער בראָך.
איצט איז אַלץ אַרום שוין שטיל,
ערגעץ שפּילט אין גראָז אַ גריל.
שינעס גלאַנצן אין דער נאַכט,
ציען זיך אין וויטן שליאַך.

פון דעם בערגל אַש און מיסט,
הייבט זיך דזשאַן אויף קראַנקע פים.
פון זיין היים, דער פלאַם פון ווענט
אין זיין האַרצן ברענט און ברענט.
נעמט ער ס'פייפל פאַר זיין פּאַ,
שפּילט אַ ליד, אַ היים אַזאַ,
מיט אַ נייעם שטאַרקן טאָן —
מאָנט זיין טאַטנס לעבן, מאָנט!

און דער ווינט צעטראָגט דאָס ליד
אומעטום, וואו ס'שפּאַנען טריט
פון באַליידיקטע, געגאַרטע,
פון צעוויטיקטע, פאַרשפּאַרטע.
און דער עכאָ פון דער נאַכט
ברענגט אַן אָפּהילך פון אַ קראַך
ערגעץ אין אַ וויטן לאַנד,
וואו ס'פאַלט־איין אַ תּפיסה־וואַנט . . .

דזשאַן שטייט-אויף פון בערגל אַש,
נעמט אַרויס אַ שאַל פון טאַש,
הילט דער מאַמען זײַנער איין.
זי ציטערט אויף אין שרעק און פּיין,
זעט ער קלייבט זיך וואו אַוועק,
און זי בלייבט דאָ אויפן וועג
ווי אַן אָפּגעהאַקטער שטאַם,
אַ האַלאַוועשקע פון דעם פלאַם,
וואָס פאַרברענט איר היים, איר מאַן . . .
ציט זי אויס איר דינע האַנט
און זי בעט זיך: „האָניק-קינד,
וואו-זשע לאָזטו מיך אַצינד?“

דזשאַן פאַרבייסט די פולע ליפּ,
שפּירט אַ שטעכעניש אין ריפּ . . .
גלעט ער, גלעט זײַן אַלטע מאַם,
זעט איר פּנים ווי אין ראַם
פון דער פוקס-לאַך יענע נאַכט
פון דעם שונא׳ס באַמבער-קראַך . . .
נעמט ער וואונד-מעדאַל אַרויס,
וואַרפט אים אין דעם אַש פון הויז,
וואַרפט אים ביטער פאַרן ווינט —
מאַמע קלאָגט: „האָניק-קינד . . .“

איבער נאַכטיקן שאָסיי,
אויף די קוליעס, אויף די צוויי,
שפּאַנט שוין, שפּאַנט דער נעגער דזשאַן.
שוין אַוועק די לעצטע באַן
און די נאַכט ליגט ווייט צעשפּרייט,
עלנט, הפקר, אומרו ווייט.
לאָזט ער זיך מיט שינעס גיין,
מאָנען פון זײַן לאַנד אַ היים
און אַ משפּט און אַ דין
פאַר דעם לאַנדס געלינטשטע זין.

.8

אויפן אָנשיט פון דעם זאַמד,
האַרט ביי שינעם גלאַנציק, לאַנג,
הייבט זיך נייער בערגל אש.
מיט אַ פייף, אַ בראַזג, אַ רעש,
פליט באַגינען אָן די באַן,
ברענגט אַ נייעם וועטעראַן
אויף צו שלעפן פעק און זעק
אויף דער סטאַנציע אין דעם העק.
און אין בערגלביים וואָקזאַל
גלאַנצט אין אַש — דזשאַנם מעדאַל.

# כיזע לינקאָלן אין חלום

איך האָב דיך געזען אין חלום ביינאַכט:
איך שטיי אין אַ וואַלד הינטער שנייאיקן שליאַך.
דיביימער אַרום אַזוי איינזאַם צעשטעלט,
דאָס ליכט פון לבנה פאַרפראָרן אין קעלט,
און פּלוצלונג אַ שאָטן, אַ שוואַרצער, אויף בוים!
אַן אויסטערליש בילד — איך שרעק זיך און שטיין:
אַ גוף אויף אַ בוים, נאַקעט און הויל,
שוואַרצאַפּלען פאַרשטאַרטע אין צאָרן און גרויל,
די אָרעמס ווי צווייגן אין אָנמאַכט פאַרשטייפט,
אַ שטריק אַרום האַלדז ווי אַן אייזיקע רייף,
די פיס ווי זיי וואָלטן אַלץ זוכן די ערד,
הענגענדיק שלעפּן דעם גוף אַזוי שווער
אַרונטער, אַרונטער, וואו ס׳טונקלט אַ פלעק,
אַ קאַלוזשע בלוט אויפן שנייאיקן שטעג . . .
איך שטיי ווי פאַרגליווערט אין ווייטיק און שרעק,
ערשט, ד ו , ווי אַ נס, וואַקסט אוים אויפן וועג!

אַ בערדיקע, לאַנגע, טרויער-געשטאַלט,
מיט אויגן, ווי קוילן, צעצונדן אין וואַלד . . .

דו גייסט גלייך צו אים, צו דעם מת אויפן בוים,
און ווישסט פון זיין מויל דעם פאַרפראָרענעם שוים,
און עפנסט דעם קנופּ פון דעם שטריק אויף זיין האַלדז —
דער וואַלד ציטערט-אויף, צעברומט זיך, צעקנאַלט,
דער בוים מיט דעם גוף טוט אַ קראַך און אַ פאַל,
און אין דער אַנטפּלעקונג פון לבנה׳קן שטראַל,
דער קערפּער, דער שוואַרצער, טיילט זיך אָפּ פון דעם בוים
און שפּאַנט זיך אַוועק אַן אַ קרעכץ, אָן אַ „אוי״,
נאָר איך זע דאָס בלוט וואָס רינט פון אים, רינט,
כ׳צעוויין זיך, כ׳צעשריי זיך, ווי אַ יתום׳דיק קינד . . .

און פלוצלונג דערפיל איך דיין האַנט אויף מיין קאָפּ.
דו בייגסט זיך צו מיר פון דיין הויכקייט אַראָפּ
און כ׳הער ווי דו זאָגסט אַזוי שטרענג, אַזוי צאַרט:
„גיי, העלף אים אין ראַנגל, ער וואַרט אויף דיר, וואַרט...
דער ברודער־קריג פלאַקערט און דו ביסט אַ צד —
צי האָב איך אין דיר אויך אַ טעות געהאַט?"

איך הייב אויף די אויגן און שפּרייט מיינע הענט:
„לינקאָלן, אָ, לינקאָלן, איך האָב דיך דערקענט!"
נאָר דו ביסט שוין ערגעץ אין העלקייט אַוועק —
אויף בלענדיקן שניי שוואַרצט דער בלוטיקער פלעק...

## לינקאָלנס געשטאַלט

כ׳האָב דיך ס׳ערשטע מאָל באַגעגנט
אויף דער שול־באַנק אין מיין קלאַס.
שפּעטער אויף די ענגע וועגן
אין דעם שטייג פון ראַסן־האַס,
ס׳האָט געוואַרעמט אין זכרון
דיין צעלויכטענע געשטאַלט:
ל י נ ק אָ ל ן פון די באָרוועס־יאָרן,
פון דעם שטיבל אין דעם וואַלד,
אויסגעוואַקסן אין ב אַ פ ר י י ע ר,
אויסגעוואַקסן אין אַ העלד —
וואָר, לעגענדע, בלוט און פייער
אין דעם אויפברויז פון דער וועלט . . .
און אין מיין פאַרבענקטן דמיון
כ׳האָב געזען אַ לאַנד שוין פריי:
ש ו ו אַ ר ץ און ו ו י י ס און בלויע הימלען,
מענטש אין בלי, ווי ערד אין מאַי.

כ׳בין אין לאַנד דיין אָנגעקומען,
ברייט צעעפנט אים מיין האַרץ
און דערזען, מיט גרויל באַנומען
גראַטעס צווישן ווייס און שוואַרץ . . .
און דערזען ווי עקל־וואָרים
קריכט פון יעדן שפּאַלט אין גאַס —
דאָרט וואו פאָלק איז רייך און אָרעם,
דאָרטן בליט געוויקס פון האַס;
און דערזען ווי ראַסן־שנאה
אין הימל־קראַצערס זיך באַהאַלט,
ליגן שפּרייט, ווי נעץ פון שפּינען,
טרעט דיין ליכטיקע געשטאַלט.

אָפּט — אין חורבות, בלינדע שטאַלן,
אויגן־בעלמעס פון די שטעט,
אויף יענער זייט פון באַן־וואָקזאַלן,
אין די געטאָס — ברעט אויף ברעט —
אין די שולן און פאַבריקן,
אין דעם נערוון־קנופּ פון לאַנד,
דאָרט וואו מענטשנס הויט איז עיקר
און דער מענטש אַליין — א האַנט ;
אויף די תליות פון געלינטשטע,
אין דעם הילך און בראַזג פון שטיין, —
כ׳האָב געזען דיין שאָטן — פינצטער,
כ׳האָב געהערט דיין שטיל געוויין . . .

און עס טרעפט ווען פאַר א שטורעם
ס׳דעקן וואָלקנס איין די ערד,
דו שטייסט אויף אין פולער גבורה
און דו וואַקסט און וואַקסט נאָך מער.
און ס׳איז אוים מיט זיפצן, וויינען,
און ס׳איז אוים מיט רחמים־שפּיל —
דו באַפעלסט — און מיר אינאיינעם,
שוואַרץ און וויים — שטאַרק און פיל —
שפּאַנען מיט דיין וואָרט צעפלאַטערט
און אויך ד ו מיט אונדז שפּאַנסט מיט —
אין טעג פון אומרו, פּיין, און מאַטער,
דיין געשטאַלט דורך וואָלקנס גליט.

# עס קלינגט דיין שטים

„זיי זאָלן ניט האָבן געשטאָרבן אומזיסט . . . ״
— אייברעהעם לינקאָלן

דיין פּרעכטיקע פּשטות,
זאַפטיק און גרין ווי דער וואַלד,
וואו דו ביסט געוואַקסן,
פאַרוואָרצלט אין פאָלק,
ווי דער דעמב אין מאַמע־ערד, —
דיין ערלעך וואָרט
רופט אויך היינט מיט אמת אייביקן,
מיט קראַפט און חכמה
פון גערעכטן.
אויך היינט אינעם יאָרהונדערט פון אַטאָמען,
אין דעם בליציקן, בלוט־פליייצנדיקן דור,
עס קלינגט דיין שטים אַזוי לויטער־קלאָר,
מיט פייערלעכקייט געליטערטער, געצאַמטער,
ווי אין יענעם טרויער־טאָג
אויף געטיסבורג פעלד,
ווען דו האָסט געשוואָרן
איבער די ביינער פון אומבאַקאַנטן העלד:
„ער זאָל ניט האָבן געשטאָרבן
אומזיסט !״

און איבער אַלע קאָנטינענטן,
איבערן צען מאָל צעפייניקטן, קעמפנדיקן
מענטשן,
עס קלינגט דיין שטים.
רופט מיט מאָנונג און מיט דראָאונג,
מיט שבועה היילי קער,
מיט טיפן דראַנג און זין;
איבער אַלע אומבאַקאַנטע קברים
צעוואָרפענע,
פאַרגעסענע ווי בערגלעך מיסט, —
עס קלינגט דיין שטים:
ס׳זאָל ניט זיין
אומזיסט !

# וויין ניט, קינד!

(אַ סך פרויען און קינדער זיינען געווען צווישן די וואָס זיינען באַפאַלן געוואָרן אויפן וועג פונעם פּאָול ראָבסאָן קאָנצערט אין פּיקסקיל.
— פון די צייטונגען).

„וויין ניט, קינד, וויש אוים די אויגן,
וואַרף זיך ניט פון שרעק!"
„ס'איז אַ שטיין פאַרבייגעפלויגן,
מאַמע, כ'וויל אַוועק!"

„ראָבסאָנס ליד פון קאַמף פאַר פרידן
פאַרגעדענק מיין קינד!"
„כ'הער געשרייען: שלאָג די יידן
און די שוואַרצע הינט!"

„כוליגאַנעס און בויאַנעס
וועלן אונדז ניט שרעקן!"
„לאָמיר שנעל אַוועק פון דאַנען
אויף די פרייע וועגן!"

„רואיק, קינד, מיר פאָרן ווייטער,
אויף מיין שויס וועסט שלאָפן."
„אוי, אַ שטיין פון הינטער רייטער
האָט אונדזער שויב געטראָפן!"

„שווייג אַצינד, אָט בינד איך איבער
פון פאַפאַס קאָפּ דעם שניט ..."
„מאַמע, דער אַנטקעגנאיבער,
היט זיך פאַר אים, היט!"

„קוק ניט דאָרט, אַ שאַרפער מעסער
פּאָכעט ווילד אין ווינט . . . ״
„מאַ, איך וויל שוין ווערן גרעסער,
כ׳וויל ניט זיין קיין קינד!״

„וועסט אַ גרויסער בחור וואַקסן
אין אַ פרייער וועלט.״
„מאַ, עס רינט מיר בלוט פון אַקסל,
פאַרבינד, פאַרבינד עס שנעל!״

„פאַרגעדענק, מיין קינד, דעם אָוונט,
יעדן ווילדן שטיין . . . ״
„טרופּער שטייט ביים וועג באַוואָפנט,
לאָזט אונדז שנעל ניט גיין!״

„שטילער, שטילער, ניט מיט טרערן
קעמפט מען קעגן שטעקנס.״
„מאַ, ווען איך וועל עלטער ווערן,
וועל איך זיך ניט שרעקן!״

„לאַנגזאַם ציען בלינדע וועגן . . .
ערגעץ לייכט שוין ליכט . . .
קינד, אָט קומט די שטאָט אַנטקעגן, —
דאָרט קלינגט שוין ראָבסאָנס ליד . . . ״

# דער שנאה־קעסל

דער קעסל זידט און שוימט אַריבער,
געדיכטע פּאַרע זעצט אַרויף;
מען זעט שוין ניט קיין מענטשן, שטיבער,
דער נעפּל שטיקט, פאַרשלינגט די לופט.

דאָס פייער קנאַקט מיט בלויע צונגען,
עס שפּרינגען פונקען אָפּ פון פלאַם;
זיי צישען דורך צערייצטע לונגען
און צינדן, ברענען, שפּייען סם.

און פון קעסל די געקעכצן,
געמישט געניט מיט שנאה־האַנט,
פאַרבראָקט מיט לאַקרעץ־זיסע קרעכצן,
פאַרשמעקן ס׳גאַנצע, ברייטע לאַנד.

דורך שנאה־וואָלקן, כ׳זוך מיין ברודער —
אַ שיף אין נעפּל איז מיין לאַנד,
און עמיצער ביים סאַמע רודער
אונדז קירעוועט צום אונטערגאַנג.

עס בלאָזן דורך דעם רויך סירענעס:
„געפאַר! געפאַר אין מינדסטן שטורם!”
דער קעסל זידט, די צונגען ברענען —
דעם שנאה־פלאַם לעשט אוים! לעשט אוים!

# איך זוך . . .

דער דאָרשט אין מיין האַרץ, אָט־דער אייביקער דראַנג,
ער טרייבט מיך אויף וועגן פאַרבאָרגן אין לאַנד.
אין פּלאָנטער פון ווילד־גראָז, אין רשעות פון דאָרן,
איך זוך אַלץ אַ בלימל, אַ זאָמען פון קאָרן;
אין רויכן און פלאַמען — פון ליבשאַפט אַ פונק;
אין אוראַלטע וועלדער — אַ צווייגל, אַ יונגם;
די זיסקייט פון האָניק — אין שטאָך פון אַ בין, —
דער דאָרשט האַלט אין טרייבן: געפין, אַ געפין!

ווי טרוקן און זאַמדיק עס ציט זיך דער וועג!
אַ קוואַל וואו געפינט מען אין מדבר פון טעג?
די פונקען פון ליבשאַפט אין רויכן פאַרשווארצט,
דער קאָרן איז טרוקן, צעטראָטן, פאַרדאַרט;
די רשעות צעוואַקסט זיך, זאַפּט איין אַלץ ווי שוואָם,
דאָס זשומען פון בינען — בלויז ביטערניש, סם;
דאָס צווייגל, דאָס יונגע, מיין האָפענונג, מיין טרייסט,
מיט שטאַמען פאַרפוילטע, מיט דערנער פאַרלייגט.

און פּלוצלונג, כ׳בלייב שטיין — ניטאָ וואו צו גיין . . .
פון אונטער דעם ווילד־גראָז, די ערד איז פון שטיין.
די אוראַלטע וועלדער ברענען אין ווינט —
אַ פונק מיינע ליפּן באַרירט און פאַרשווינדט.
איך טרינק אָט־דעם פלאַם און ברען שוין אַליין,
כ׳דערהער אַ יללה, אַ ביטער געוויין,
דאָס ווייַנט אונטער מיר די פאַר׳שרפה׳טע ערד,
די מאַמע וואָס האָט מיך געזויגן, גענערט.

דער דאָרשט ברענט נאָך שטאַרקער אין מיר, ווי דער פלאַם.
איך זוך זיך אַ שטעקן פון דעמבענעם שטאַם —
איין צווייג בלויז ווען איך קאָן געפינען און וואַלד,
כ׳וואָלט שפּאַלטן דעם שטיין, באַפרייען אַ ק ו ו אַ ל.
צעבלוטיקט די הענט, צעוואונדיקט די פיס,
נאָר דאָ גיט מיין האַרץ פון אָרט זיך אַ ריס:
אַ צ ו ו י י ג ל בליט־אויף צווישן דערנער און אַש,
אַ צווייגל, אַ גרינס, — מיט ו ו אַ ו נ ד ע ר ־ ק ו ר אַ ז ש.

# אַ וועג

אַ וועג צווישן בערג, אַ וועג צווישן טאָלן,
אַ גלאַטער, אַ ברייטער — פונקט ווי געמאָלן.
ער ציט זיך אַהין און בייגט זיך אַהער,
און ווייסט מיין פאַרלאַנג מיט יעטוועדן קער.
ער לאָזט מיך אַראָפּ און הייבט מיך אַרויף,
און פירט מיך און רירט מיך מיט רחובות'ן רוף.

אַ וועג צווישן וואַלד, אַ וועג צווישן פעלד —
ווער האָט אים געלייגט דאָ — וואו איז ער, דער העלד?
ווער האָט דאָ די בערג אויף פעלזן צעשמעטערט?
דער וועג אַזוי קונציק רונד־ארום קלעטערט . . .
ווער האָט עס די ביימער, די קוסטן צענומען,
דעם וועג אויסגעגאָסן, געוואוסט, איך וועל קומען? . . .

איך וויים אים, איך קען אים. ער איז דאָך פאַראַן
אין יעטוועדן טראָט דאָ, אין יעטוועדן שפּאַן.
ס'קאָן זיין ער הייסט „טאָני", צי „משה", צי „פּעט" —
עס ליגט דאָ זיין מי און זיין שוויים וואו איך טרעט.
דער וועג ציט זיך וויט, צווישן בערג, צווישן טאָלן —
אַ גלאַטער, אַ ברייטער — פונקט ווי געמאָלן.

# קוילן־ווענט

(ליד פון אַ קוילן־גרעבער)

קוילן-ווענט, שוואַרצער שאַכט,
פינצטערער פון טיפער נאַכט.
זונטיק האָט די זון צעשטראַלט
ליכט-געבלענד אויף ערדס געשטאַלט.
האָב איך געפרעגט די זון: אָ, זאָג,
שיינסטו אויך אין וואָכן-טאָג?"

קוילן-שטויב איז מיין פאַרמעג,
פרעסט מיין גוף און פאַרבט די טעג.
זוך איך, זוך איך זון און ליכט
אין מיין היים, אין מיר און דיר.
נאָר אויך דאָרט האָט בייזע נויט
יעדן ווינקל מיר פ אַ ר ג ר ו י ט.

כ'האָב אַן אָטעם און אַ קול,
און מוסקולן האַרט ווי שטאָל.
גראָב איך, גראָב איך און איך זינג
און דעם שוואַרצן שוויים איך טרינק,
און פון יעדן שפּאַלט אין וואַנט
שטרעקט דער ט ו י ט צו מיר זיין האַנט.

מיין טאַטן האָט אַ וואַנט פאַרשאָטן
און מיין ברודער דאָרט פאַרקנאָטן.
קעמף איך, קעמף איך און איך שווער
ביי מיין מאַמעס הייסער טרער,
ביי די שוואַרצע קברים-ווענט —
אָפּצוהאַקן ט ו י ט די הענט!

# אין דיינע האָרעפּאַשנע הענט

אין דיינע האָרעפּאַשנע הענט:
אין זייער האַרטער הויט מיט ערד און שווייסן דורכגענומען;
אין די דינע קאַרבן-קנייטשן,
דורכגעוועבט מיט בלויע אָדער-נעצן,
ווי אַ מאַפּע מיט שמאָלע אָדערן פון טייכן;
אין דיינע קנופּ-געלענקען, וואָס סטאַרטשען פון די הענט,
ווי אַלטע ביימער-וואָרצלען פון אויפגעפּלאַצטער ערד;
אין שפּיצן-פינגער פילבאַרער פון פיינסטע פידל-סטרונעס;
אין דיינע גבורהדיקע, גאָט-געבענטשטע הענט,
איך זע:
הימל-קראַצער שטעט,
הענגענדיקע בריקן,
וויגנדיקע פעלדער-זאַנגען,
אויסגעהאַקטע, אויסגעגאָסענע שאָסייען-וועגן,
אונטערערדישע, אונטערוואַסערדיקע טונעלן,
וואַסער-דאַמבעס — צאַמער און באַפרייער,
שיפן — שטעט אויף ימען.
שטראָמליניקע יאָגנדיקע באַנען.
שטאָל-פייגל — בליץ-עראָפּלאַנען.

אין דיינע האָרעפּאַשנע הענט
פאַרטרוי איך היינט מיין גורל,
דעם גורל פון מיין פאָלק,
דעם גורל פון דעם מענטש.

און לויטער-העל פלאַמט אויף מיין גלויבן,
אַז ווען פון דיינע הענט די ח כ מ ה
וועט גרייכן אויך דיין האַרץ און ווילן, —
עס וועט פון דיינע הענט די ברכה
אַריבער אַלע תהומען שטראַלן,
אַריבער אַלע יאָרן בייזע,
מיט היילונג און מיט טרייסט.

# מיין דור

זי איז שוין דאָ,
די נייע צייט.
אין דעם גאַנג פון אונדזער וועלט,
געיאָגט פון ביטשעדיקער נויט;
אין דעם מענטשנס גאַנג פאַראויס
דורכן לאַבירינט פון לעבן;
אין דעם פּלאָנטער: וועגן, שטרעבן, —
האָט מיין דור
אין אַ פינצטערן קאָרידאָר
אַ טיר געפונען אין אַ וואַנט,
זי געעפנט
און איבערן שוועל
אַריינגעשפּאַנט.

כ׳ווייס, עס בלאָנדזשען נאָך אויף וועגן
צעטומלטע אין הוילער שרעק.
עס שרייט די פינצטערניש אַנטקעגן,
מיט אומקום דראָען בייזע טעג.
און אַלץ וואָס איז פאַרפוילט און אַלט,
און אַלץ וואָס איז אומהיילבאַר קראַנק,
שפּאַרט זיך דאָ מיט ווילד געוואַלט;
בויט אַ וואַנט אַרום דער וואַנט,
אַ צוים אַרום דער ברייטער טיר;
נאָר דאָס ליכט וואָס שטראָמט פון איר,
דעקט-אויף די וואונד אויף זייער גוף,
זאָגט-אָן די נאָענטקייט פון דעם סוף.

אין דעם פינצטערן קאָרידאָר
שפּאַרט דער שונא פון מיין דור.
שלעפּט צעטומלטע אין קאָן,
איינעם רייצט אויף צווייטן אָן.
און עס ווערט אַלץ ענגער, ענג . . .
אין דעם פּלאָנטער און געדרענג,
גיסט זיך בלוט אויף שמאָלן וועג,
פלאַקערט ברודער־קריג געשלעג.
איינער אויפן צווייטן פאַלט . . .
ווי אין טונקעלן דזשאָנגל־וואַלד,
חיות אין שגעון־שרעק
שפּאַרן אין אַ ווילד געיעג
דורך געדיכטן צווייג־געוועב;
ברעכן ביימער מיט די קעפּ,
שטעכן דורך דאָס לייב, די הויט,
ביז זיי בלוטיקן צום טויט.

אָ, עס וויינט דאָס האַרץ אין מיר
אויף געפאַלענע ביים טיר.
נאָר די בראַווע פון מיין דור
שפּאַנען דורכן קאָרידאָר,
צו דעם ליכט פון נייער צייט.
פויסטן טרייבן זיי צוריק,
הענט בינדן זיי מיט שטריק,
און דער חושך גרילצט און שרייט.
און זיי ראַנגלען זיך און פאַלן,
נאָר פאַלנדיק, זיי צינדן שטראַלן
פאַר די יונגע פון מיין דור.
קומען זיי, די יונגע, קומען,
אויסגעבענקטע נאָך די זונען,
אויסגעשמידטע אין די ראַנגלען,
רייף מיט צייטיקע פאַרלאַנגען
פון דעם ליכטיקן קאַיאָר.
דאָס וואָרט פון שלום אויפן גומען,
דאָס ליד פון פרייהייט אין די טריט.

און אַלץ וואָס טראָגט די זון אין בלוט,
און אַלץ וואָס איז געזונט און גוט,
גייט מיט.

יאָ, זי איז שוין דאָ,
די נייע צייט.
דער אַלטער וועג איז אָפּגעשניטן,
פֿאַרוואַלגערט מיטן שניט פֿון טויט.
און די וואָס קראַפּט פֿון לעבן היטן,
וואָס זיינען אונדזער זאַלץ און ברויט,
בלאָנדזשען מער ניט אויף די וועגן,
אין דעם פֿינצטערן לאַבירינט.
עס וועט אַ קינד
מאָרגן פֿרעגן:
ווער האָט ערד פֿאַרוויסט, צעשניטן?
ווער האָט בוים מיט נייע בליטן
דאָ פֿאַרפֿלאַנצט?
און דער ענטפֿער וועט זיין גאַנץ,
און דער ענטפֿער וועט זיין קלאָר:
ס'האָט די ערד פֿאַרוויסט דער שונא,
ס'האָט דעם בוים פֿאַרפֿלאַנצט
מיין דור.

# ה י י נ ט

דאָס האַרץ קאָן ניט שווייגן,
די פּען קאָן ניט שטומען,
די פּען, וואָס איז צאַפּל פון האַרץ;
און מעגן די ווינטן צעשטורעמטע ברומען,
דערשרעקן, פאַרשטיקן די שוואַכע, די קרומע, —
די פּען וועט ניט זאָגן מיר: „וואַרט".

אָ, ה י י נ ט איז דער טאָג און ה י י נ ט איז די צייט,
ווען מעכטיק מוז קלינגען מיין שטים!
אַזוי האָבן דורות פון נאָענט און ווייט
פאַרקריצט און פאַרצייכנט אין טעגלעכן שטרייט
פאַראויסגאַנג פון מענטשלעכן מין.
און היינט איז מ י י ן ריי און דאָ איז מיין אָרט
צו הויבן מיין שטים און זאָגן מיין וואָרט.

## דער טייל פון מיר

דער טייל פון מיר וואָס איז מיט אייך,
דער שענסטער איז אין מיין געזאַנג:
ווייל וואָס בין איך דען אין פאַרגלייך
מיט פאָלק אין אייביק־יונגן גאַנג?

פון איינצל־כוואַליע ווערט קיין ים.
פון איינצל־גראָז — קיין גרינע לאָן.
דער בלאַט — דער טרוים, די קרוין פון בוים,
ציט אויך זיין קראַפט פון צווייג און שטאַם.

# אַ בוך

## א.

מיין טאַטע האָט אין ספר הייליקן געזוכט
דעם אמת און די שיינקייט
פון דער תורה.
אמונה און בטחון
אַריינגעזאַפּט מיט יעדן אות, מיט יעדן וואָרט.
ניט געגלוסט פאַרמעג פון שכן,
ניט פאַרקויפט זיין „איך״ אוים מורא.
דעם מדת הרחמים
געשטעלט
דעם מדת הדין
אַנטקעגן.
נאָר אויף אַלע זיינע דערנערדיקע וועגן,

ער האָט  ג ע ר ע כ ט י ק י י ט  געמאָנט
מיט שאַרפער, שטאָלצער צונג.
רשעים, שווינדלער און באַטריגער,
צבוע׳קעס, פאַררעטער און פאַרפירער,
געשטראָפט מיט פייערדיקע ריטער
פון יענער וועלט . . .
און איבער אַלץ געטראָגן
אין זיין בלוט צעהעלט,
די וויזיע פון אַן  א ו י ס ג ע ל י י ז ט ע ר  וועלט,
אַ וועלט פון  ש ל ו ם  און פון  ג ו ט ס ,
וואו מענטש וועט מער שוין ניט פאַרגיסן
זיין ברודערס בלוט.

ווי מיין טאַטע, כ׳זוך אין בוך
לעבנס העכסטן זין.
אויך איך מאָן משפט, מאָן אַ דין
פון מענטש צו מענטש, צו פאָלק, צו לאַנד, צו וועלט.
נאָר איך וויל שטראָפן  ד אָ ,
אויף אונדזער ערד,
מיט  מ ע נ ט ש נ ס  הענט;
שטראָפן  ד י  וואָס האָבן אונדזער ליכט פאַרשטעלט
און רויבן אונדזער קראַפט און רו.
איך וויל צענעמען ווענט נאָך ווענט,
די תפיסות פאַרן מענטשנס גוף,
די דראָטן שטעכיקע אַרום זיין גייסט, —
און ברייט צעעפענען די טויערן פון צייט
און לאָזן מענטש דעם פשוטן,
דעם וואָס בויט און שמידט,
שוואַרצן, געלן, ברוינעם, ווייסן,
בודיסט, קריסט און ייד, —
אַ ל ע ם  לאָזן טרינקען וויסן,
אַ ל ע ם  לאָזן גליק געניסן,
אַ ל ע ם  געבן שלום, רו,
אויף אונדזער ערד —
אָט דאָ.

ב.

מיין טאַטע האָט געקושט דעם ספרביים פאַרמאַכן
און מיט הנאה-קרעכץ אַריינגעשטעלט אים
אין דעם ספרים-שראַנק.
און איך . . .
(אַ בוך, אַ בוך — דעם מענטשס געשאַנק
צו מענטש . . .
הייליק אין באַשאַף . . . )
דורכגעלויכטן און פאַרגאַפט
כ'צי אויס די האַנט
און נעם אים פון דער פּאָליצע אַראָפּ.
איך גלעט זיין פּנים, גלעט די טאָוולען
ווי אַ געליבטנס קאָפּ;
איך פינגער זיינע בלעטער, גלייך זיי אויס
און האַלדז זיי מיטן אויג;
נייגיר-ציטער נעמט מיך דורך,
ווי רייזנדן אויף נייעם וועג
מיט אומגעריכטן בויג . . .
איך קוויק זיך מיט די שורות אותיות,
גלייך צעווירעט און צעשטעלט,
ווי מיטן אָנבליק פון אַ פריש צעאַקערט פעלד.
איך צי אַריין אין נאָזלעכער דעם ריח
פון דעם דרוק-טינט,
ווי ס'שמעקט אַ מאַמע הונגעריק
דאָס לייב פון איר געליבטן קינד.

ווי מיין טאַטע, כ'נעם דעם בוך
מיט ערפורכט פון דעם שראַנק.
כ'גרייט זיך, כ'גרייט זיך צו פאַרזוכן
זיין געטראַנק.
און ווען איך טרינק, איך שפּיר:
עס פלייצט דערהויבונג איבער מיר,
עס שטראָמט אַ לעבעדיקער קוואַל.
ווי איבער אַן אויסגעצערטן, קראַנקן גוף,
עס פלייצט אַ היילונג-שטראַל.

ג.

פּאַמעלעך, צערטלעך כ׳נעם דעם בוך אין האַנט.
ער וואַרט אויף מיר, ער וואַרט אויף מיר, מיין פריינט.
איך בין ניט עלנט מער, כ׳בין מער שוין ניט אַליין.
ער האָט אַ וואָרט פאַר מיר, ער האָט אַ טרייסט,
אַן אָנווייז וואו צו גיין:
„ביסט מיד, מיין פריינט, ביסט מיד פון זאָרג און מי,
קום רו אויף מיינע לאַנען, נעם שנייד מיין רייפן שניט.
קום, איך וועל דיך פירן אין ווייטער, ברייטער וועלט:
זע, דיין שטאָטיש צימער איז אַ טראָפּישער געצעלט;
דער בוים אין גאָלדן רעמל — אַ פּאַלמע, שלאַנק און גרין,
די רויז אין גלאָז ביים פענצטער — אַ זון־פאַרגאַנג אין גלי;
דער שפּיגל אויפן וואַנט — אַ טייך אין שטילער רו,
דער מענטש, דער קופּער־ברוינער — אַ האַרץ האָט פּונקט ווי דו.״

ד.

נאַכט אַרום און בייזער ווינט.
נאָענט פון אַ שלאַכטפעלד וויינט אַ קינד.
דורך שפּאַלטן פון בערג טראָגט אַ פּאַרטיזאַן
דעם טאָג אויף די הענט —
דעם קינד אַ מתנה.
ערגעץ־וואו רייסט אויף אַ באַן.
ערגעץ־וואו לאַכט מענטש פון סכנה
און שליידערט אַן אַרויסרוף דער וועלט —
אַ גראַנאַט.
קנאַל פון ביקס און קראַך פון האַרמאַט
און שטילקייט פון שטערן אין אייביקן גאַנג —
דאָס בוך, דאָס בוך קלינגט קלאַנג נאָך קלאַנג.

ה.

מענטשלעכע חשיבות, מענטשלעכע נויט,
דערקען עס אין בוך ווי אויף אייגענער הויט.

גאָלדענער פאָדים פון מענטשלעכן גייסט, —
זשאַווער פון זשעדנעם — געוועבן צערייסט.

דראַנג צו די הימלען, צו שיינקייט און גוטס,
דער נ ע כ ט ן און ה י י נ ט אין דעם מ אָ ר ג ן שוין רוט.

ליבשאַפט פון מינים: צו מאַן, צו אַ פרוי —
ווידערבאַשאַף פון וואָר און פון טרוים.

אין ברוסט פון דעם מענטשן — אַ טיגער און טויב,
דער אייביקער ראַנגל, אין בוך ווי דורך שויב.

דערהויבונג און שפלות, פחד און מוט,
הכנעה און רשעות און ימען פון בלוט.

מלחמות און שחיטות — שנאה פון מענטש
געגרייצט און דערמוטיקט — אויף שוואַכן געווענדט.

ברודער מיט ברודער אין ליבשאַפט באַגלויבט,
פון מעכטיקע כוחות צעטיילט און באַרויבט.

דראַמע פון לעבן אין בוך ווי אַ שפּיל,
ווער — ערלעך, ווער — פאַלש זיין ראָל דאָ דערפילט.

פּאַלאַצן פון גאָלד און חורבות פון ליים,
געראַנגל פון פעלקער, פון מענטש אָן אַ היים.

ברכה פון אַרבעט, וואונדער פון הענט,
טורעמס פון וויסן אין מאַרך פון דעם מענטש,

אין בוך פאַר די דורות פון מאָרגן פאַרקריצט,
דעם חלום פון פרייהייט און שלום צעבליצט.

פרייד פון געבערן און צער פון טויט,
קינדיש געלעכטער און זון און ברויט.

דאָס פּשוטע לעבן אין בוך ווי אַ טייך,
פליסט פון די גרונטן פאַרביק און רייך.

עס שפּאַרט דורך די דאַמבעס וואָס צאַמען זיין דראַנג,
דעם שימל ס'פאַרשווענקט אין באַפרייערשן גאַנג.

מעכטיקע שטראָמען אין ברויזיקער ווייט
טראָגן אויף רוקנס די כוואַליעס פון צייט.

דאָס בוך איז אַ שפּיגל, דאָס בוך איז אַ רוף,
עס היילט די נשמה און קרעפטיקט דעם גוף.

נאָר טיילמאָל איז שפּיגל צעקרימט און צעקריצט,
און דו ווערסט אַ קאַרליק, דער שונא — אַ ריז.

צעקלינגט זיך אין בוך פון פאַלשקייט די שטים —
ס'איז מאַסקע פון שונא — דו היט זיך פאַר אים!

ז.

ווער שלעפּט מיך אַרונטער, ווער זאָגט מיר כ'בין שלעכט?
ווער פעלשט אין מיין נאָמען און גיט זיך גערעכט
און זינגט מיט משלים און לאַכט פון מיין יאָך
און לעסטערט מיין וויטיק און שפּאָט פון מיין בראָך?

ווער רייסט עס מיין פאָלק, דאָס געפּלאָגטע, אין צוויי?
ווער רייצט אָן די גיפטיקע שלאַנג אין געדריי,
וואָס שיפּעט מיט שנאה, מיט גאַז-קאַמער גיפט,
און ווערט איר אַ שותף מיט טאַט און מיט שריפט?

ווער שענדט מיין חלום פון פרידלעכער וועלט,
מיט ימים פון טינט פאַרפלייצט אים, פאַרשטעלט,
און פּוצט זיך אין פאָן פון שטרייפן און שטערן
און זינגט פון אַטאָמען — די וועלט צו צעשטערן?

פאַלשע נביאים, גרילציקער טאָן,
קעצישע ווייכקייט ביים טיש אויבנאָן.
סם אויף די ליפּן באַצוקערט, באַשמירט —
גאָט-זוכער אין גאָלד, אין סאַנעטן געצירט.

ז.

כ׳וואַש אָפּ די הענט פון טמא׳ן וואָרט,
צעעפן מיינע פענצטער ברייט און הויך,
עס זאָל אַרויס דער טשאַד, דער רויך,
און ווידער זאָל איך זען קלאָר.

ס׳וואָרט דאָס נייע בוך פון יאָר,
דאָס בוך פון לעצטן, גרויסן דור,
דאָס בוך פון טויזנט יאָר צוריק —
פרייד און לייד און קאַמף און גליק.

סטרונע-ציטער, דינסטער קלאַנג,
מעכטיק פעלקער-מאַרש געזאַנג.
בלוי פון נאַכט און גאָלד פון טאָג.
מענטש אויף שאָלן פון אַ וואָג
וועגט און מעסט געשיכטע-גאַנג,
פאָרשט און זוכט דעם לעבן-שפּאַן,
פאָרשט די שטערן, מאַמע-ערד,
בויט אויף וועלטן, וועלט צעשטערט,
און גייט פאַראויס דורך טרערן, בלוט —
הייסע גבורה רוט ניט, רוט.

ח.

אין דעם שטאָלצן מענטשן-כאָר
פון די דורות,
זינגט מיין דור.
אין לשונות פאַרביק, רייך,
פינקלט יידיש
גלייך מיט גלייך.

אַלע לענדער, נאָענט און ווייט,
דיכטן, שאַפן
אונדזער צייט.
יעדן טאָג אין יעדן יאָר
וועבט דאָס לעבן
אונדזער וואָר.
אין דעם צייטיקן געפעכט,
וואָרט איז שווערד,
ווען וואָרט איז עכט.
אין דעם קאַמף פאַר שלום, גליק,
**א מ ת**
איבער שקר זיגט.

ס׳וואַרט דאָס בוך, וואַרט אויף מיר,
אויף מיין אויג, אויף מיין באַריר.
אים פאַרברענען ניט געקענט
האָבן שונא׳ס ווילדע הענט.
און מלחמות היים און קאַלט,
ניט פאַרפינצטערט זיין געשטאַלט.

ווי מיין טאַטע כ׳היט אים אָפּ,
נעם מיט ציטער אים אַראָפּ.
ער איז מיין לערער,
ער איז מיין פריינט —
כ׳וועל אים לייענען, לייענען היינט.

# !צעעפן די טאָוולען, צעעפן

(צום דערשיינען פון דעם שוואַרצן בוך פון נאַצישע גרוילטאַטן איבער יידן)

.1

שוואַרצער בוך,
שוואַרצער, בלוטיקער סך־הכל,
!צעעפן די טאָוולען, צעעפן

; שורות — ברידער־קברים
; אותיות — וואונדן־גלידער
ווערטער — גאַל און טרערן, —
!אַ, וויינט אייער ווייטיק אַרוים

. . . בלוט אין שוואַרצע פלאַמען . . .
. . . גרויל פון פינצטערע קאַשמאַרן
טעג פון וואַנזין, שאַנד און חורבן,
טעג פון גבורה און פון קדושה, —
!שטייט אויף פון די שאַטנס, שטייט אויף

.2

זעקס מיליאָן נשמות
קלאַפּן דורך די טאָוולען,
זוכן דאָ אַ תיקון
. . . אין דעם האַרץ פון מענטש
זעקס מיליאָן קדושים
: קלאַפּן, רופן, מאָנען
! געדענקט ! געדענקט ! געדענקט
פייערדיקע ראָד יסורים
. . . דרייט זיך, דרייט זיך אָן אַ סוף
טרערן שטראָמען, וואונדן ברענען,
פונקען שפּריצן איבער ימען,
פון דעם אַש גייט אויף אַ פלאַם.
ס׳זידט דאָס בלוט פון צווישן שורות,
זידט דורך טאָוולען פון דעם בוך.
זעקס מיליאָן פאַרפּייניקטע נשמות
: רופן
! עפן־אויף ! עפן אויף

# שרהלע הערשקעס

(פּאָעמע)

(געווידמעט דעם הייליקן אָנדענק פון די פרויען־קאמפּעריינס
אויף יענער זייט געטאָ)

א.

שרהלע הערשקעס איז אַכצן יאָר אַלט.
אַ הויכע, אַ דינע, אַ בלאָנדע געשטאַלט.
ס׳פאַרריסענע נעזל מיט שפּרענקלעך באַשאָטן,
די וויעס פאַרשפּרייטן אַ גאָלדענעם שאָטן
אַריבער די טיפע ברונימער צוויי,
די אויגן וואָס האַלטן דעם יידישן ווי
פאַרשלאָסן, פאַרבאָרגן פון אַרישן בליק —
שרהלע הערשקעס הייסט זאָשע סטאַנטשיק.

די צעפּ אויפן קאָפּ ווי אַ גאָלדענע קרוין,
אַ טיכל אויף אַקסלען — כאַטש קוויק זיך און שטוין
ווי ס׳שטראַלט־אָפּ די זון אין דעם קווייטן־געוועב!
עס ווילט זיך איר זינגען: „איך לעב, אָ, איך לעב!"
דערזעט זי איר טאַטנס פאַרפייניקטן גוף,
דערהערט זי זיין קול, זיין פאַרצווייפלטן רוף, —
פאַרבייסט זי די ליפּן, דערשטיקט אַ געשריי,
זי זאָל ניט פאַרראַטן איר סוד און איר ווי . . .

אָט באַלד וועט די זון באַגילדן דעם דאַך,
באַלד בייט זיך ביים טויער פון געטאָ די וואַך.
זי גייט מיט אַ שמייכל דעם וואַכמאַן אַנטקעגן
און ווינקט מיט די אויגן — זי וויל אים וואָס פרעגן:
צי קען ער דעם יידן — הערשקען, דעם שמיד?
צי ווייס ער, מען זינגט פון דעם יידן אַ ליד?
אָט וועט זי עס זינגען, ס׳איז קאָמיש אָן אַ שיר,
צי וואָלט ער טראַקטירן מיט קוכן, מיט ביר?

גזלנישע אויגן נעמען זי דורך.
איבער מיידלשן לייב עס גייט דורך א סקרוך . . .
דאָס קוישל אין האַנט נעמט ברענען די פינגער . . .
צעלאַכט זי זיך הויך און הייבט אָן צו זינגען,
פאַרוואָרפט מיטן קעפּל און לאָזט זיך אין טאַנץ.
(צי הערט מען ווי הויך עס קלאַפּט איר דאָס האַרץ?)
זי איז שוין ביים טויער און ס'קוישל אין האַנט
ווערט שווערער און שווערער און ברייט ווי אַ בראַנד . . .

פון יענער זייט טויער — איר ברודערל חיים,
און הינטער אים שאַרט זיך זיין חברל שייע.
נעמט שרהלע ווינקען צום צווייטן סאָלדאַט:
אָך, איז דאָס אַ העלד! אָך, איז דאָס אַ כוואַט!
צעקאָכט זיך אין ערשטן דאָס טרייפענע בלוט:
אַ שניט איבער שרהלעס באַק מיט דער רוט!
צעוויגט זיך דאָס מיידל ווי אַביימל אין ווינט,
און ס'קוישל אויף יענער זייט טויער פאַרשווינדט . . .

ב.

פאַרן ר י י ך אמוניציע גרייט שעפּסקים פאַבריק,
דאָרט אַרבעט די שיינע זאָשע סטאַנטשיק.
באַדינען די אַרבעטער, ראַמען דעם פּלאַץ,
דעם אויפזעער־דייטש — דעם מיטאָג אויף אַ טאַץ.
זי קלייבט פון די דילן דעם אָפּפאַל פון שטאָל
און מורמלט וואָס שטיל צו דעם שלאָסער ישראל.
און קומט אָן דער דייטש מיטן מערדערשן אויג,
נעמט שרהלע, גיט צו דעם דיל זיך אַ בויג.

ישראל געדענקט הערשקען, דעם שמיד:
אַ הויכער, אַ ברייטער, אַ גבור אַ ייד.
דאָ איז עס געשען, דאָ, אין שעפּסקים פאַבריק,
געכאַפּט אים אַריינרוקן אייזן אַ שטיק
אינצווישן די רעדער, די וואַלקעס פון שטאָל . . .
„נקמה!", האָט הערשקע געשריגן אויפן קול.
„נקמה!", גערעוועט פון תליה אין ווינט.
די צוואה האַלט הייליק זיין טאָכטער, זיין קינד . . .

עס טרעפט, ווען עס גרילצן שאַרף־שניידיק מאַשינען,
איר דאַכט זיך: דאָס שרייען געריררטע פון זינען;
זי הערט ווי עס סווישטשען קוילן און בייטשן,
דעם שדים־געזאַנג פון באַזויפענע דייטשן;
זי הערט פון די גאַז־אויוונס גוסס׳ע קרעכצן,
מיליאָניקער ברומען, מיליאָניקער לעכצן:
„נקמה! נקמה!“, איר טאַטנס געשריי
אין יעטוועדנס ברום, אין יעטוועדנס וויי . . .

פאַרבינדט זי מיט סטענגע, מיט בלויער, די האָר,
מיט יעדן מעכאַניקער ווערט זי אַ פּאָר.
זי רייניקט פון הינטער מאַשינען דעם שטויב
און הערט צו, ווי סטאַך רעדט פון „יידישן רויב“;
דעם טונקעלען סטעפאַן דערלאַנגט זי דעם אויל
און הערט: ער שילט נאַצים מיטן ווינקל פון מויל.
און יעזשי, דער בלאָנדער, פאַרטרויט איר בסוד:
די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען אַ שטאָט.

זי שטייט ביי דער שרויפן־מאַשין אויף אַ וויַיל,
ישׂראל דאַרף שרויפן און ס׳פעלט אים אַ פּייל . . .
דעם בחור, דעם יאַנעק, זי קען אים ניט לאַנג,
נאָר ס׳האַרץ אירם דערשפּירט אַז ער ווייסט איר פאַרלאַנג . . .
זי וואַרפט צו דעם בחור אַ שמייכל, אַ וואונק:
אָט, ווען זי דערלאַנגט אים אין אָוונט אַ טרונק,
זי וועט אויף אַ וועגעלע פירן געצייג —
אַ האַנט צו האַנט . . . אַ טרונק . . . און אַ שווייג . . .

און איינמאָל — דער דייטש איז אַוועק אין קאַנטאָר —
שטייט זאָשע, פאַרריכט זיך קאָקעטיש די האָר.
דאָ נאָענט פון מאַשין, אין דעם ווינקל ביים וואַנט,
עלעקטרישע קנעפּ . . . זי שטרעקט אויס די האַנט
און שמייכלט צו יעזשין . . . ער בייגט אָן דעם קאָפּ . . .
זי קוקט צו ישׂראלן און דריקט אויפן קנאָפּ . . .
אויס ליכט . . . און די פינצטערניש רייסט־אויף מיט אַ טראַסק!
עס פליען מאַשינען און גלאָז גיט אַ בראַזג . . .

ג.

אַ פוירטע גייט פון דער שטאָט אויפן בריק,
ס׳איז שרהלע הערשקעס — זאָשע סטאַנטשיק.
צעוואָקסן און רונד איז איר גוף ווי אַ פאַס,
זי שפּאַנט זיך געלאַסן, נאָר ס׳פּנים איז בלאַס . . .
די גאָלדענע האָר אויף הינטן פאַרדרייט,
דאָס טיכל אויפן קאָפּ, פאַרשלומפּערט דאָס קלייד ;
פון אויבן אַ מאַנטל פון גראָבן געוואַנט,
ס׳געפלאָכטענע קוישל אַריבער דער האַנט.

דער טייך פליסט זיך רואיק, אָן מורא, אָן שאַנד.
עס קרייזלען זיך כוואַליעלעך, שטיפן באַנאַנד,
ווי דעמאָלט ווען שרהלע האָט דאָ שפּאַצירט,
מיט בערל דעם שניידער אַ ליבע געפירט . . .
ס׳האָט דעמאָלט דער טייך מיט כישוף געגלאַנצט,
און זי מיט איר ליבסטן, געשוועבט ווי אין טאַנץ . . .
— אוי, בערלען מען האָט פון די ערשטע געפּאַקט ! —
די פויערטע ווישט־אָפּ אַ טרער פון איר באַק . . .

פּאַטרולן פאַרשטעלן איר פּלוצלונג דעם וועג.
צעשמייכלט זיך זאָשע : שוין עטלעכע טעג —
אַ חברטע האָט זי פאַרבעטן צו גאַסט,
אַט איז דער פּאַסיר־שיין און אַט איז איר פּאַס.
זי טראָגט אין דעם קוישל אַן עפּל, אַ באַר,
פאַר די קינדער אַ סעודה, אַ נאַש — נישט וואָר ?
און אַט־אָ דאָס קליינטשיקע פלעשל מיט וויין,
פאַרנומען פון שכן, דעם יידישן שווײן . . .

דער פּריץ האָט אַ זשליאַקע געטאָן פון דער פלאַש,
דער צווייטער פאַררוקט באַלד די פּרוכטן אין טאַש.
ס׳האָט שרהלע כלומרשט צעוויינט זיך אויף שאָדן, —
פון הינטער די וויעס, ווי פון הינטער אַ לאָדן,
עס האָבן די אויגן געפאָרשט דעם אַרום —
אַט שטייט זיך דער בוים, צעבויגן און קרום,

ביים סוף פון דער בריק, אויף יענער זייט ברעג,
אַט דאָרט דאַרף זי זוכן, געפינען דעם שטעג . . .

מיט ליידיקן קוישל אַריבער דעם בריק.
עס שניידן דאָס לייב, געגאַרטלט מיט שטריק,
די שטיקער געווער, די פּאַסמעס מיט קוילן.
דער שטעג פירט דורך וועלדער געדיכטע פון פוילן,
דורך וועלדער וואו ס'רוישן די ביימער מיט קראַפט,
און גרינען און וואַקסן און רינען מיט זאַפט,
נאָר שרה'לע טראַכט: „ווען פון יעדערן בוים
אַ תליה פאַר נאַצים — ס'וועט קלעקן אונדז קוים!"

עס ציט מיט מאַגנעטן דער זיידענער מאָך:
זיך זעצן אַ ווײַלע, פאַרגעסן דעם יאָך,
פאַרמאַכן די אויגן, פאַרזינקען אין טרוים, —
נאָר ס'לויערט געפאַר הינטער יעדערן בוים,
עס דראָען די שאָטנס, עס פּאַטשן די צווײַגן —
אומהיימלעך דער וואַלד אין פאַרנאַכטיקן שווײַגן . . .
זי האָט שוין פון לאַנג פאַרלוירן דעם שטעג —
ערגעץ־וואו לינקס דאַרף דאָ לויפן אַ וועג — — —

עס זעצט זיך די זון. אַ בוים צינדט זיך אָן.
נאָר דאָ הערט זי דייטלעך דעם קריי פון אַ האָן . . .
דאָס האַרץ גיט אַ שפּרונג, אַ ווינט גיט אַ וויי,
די צווײַגן צערוישן איר ענטפער דעם קריי:
אַ דין מיידלש קול, ניין, אַ „קו־קו" אין וואַלד —
ס'צעשאַרשען זיך בלעטער . . . טריט . . . אַ געשטאַלט . . .
אַ פרייד גיט אַ פלאַטער . . . זי וויינט און זי לאַכט:
די שליחות דערפילט — די וואָפן געבראַכט.

ד.

אַ שניי פאַלט אַ קלאָרער, דעקט איין געטאָ בלינד.
אויף שוועל ליגט צעשמעטערט אַ פיצעלע קינד.
עס טראָגן זיך סטאַדעס מיט וועלף אויפן יאַגד:
האָט ווער, צווישן ווענט, דאָ לעבן געוואַגט?

האָט ווער דאָ פאַרמויערט פון לעבן אַ פונק ?
צעיאָגט זיך די יאָגד מיט פלאַמיקן שוואונג !
די ל ע צ ט ע פון קעלערס, פון בונקערס, פון שטוב —
אַ קנאַל און אַ פאַל אין אַן אָפענער גרוב . . .

אין אַ רער אונטער ערד, עס קריכט ווי אַ חיה,
שרהלע הערשקעס מיט איר ברודערל חיים.
אויף יענער זייט געטאָ, אויף יענער זייט רער,
געפינט זיך אַ בונקער ביים ראָג פון אַ סקווער.
עס לעבן נאָך, אָטעמען יידן אין שטאָט.
זיי וועלן דערלעבן, זיי האָפן צו גאָט,
די מערדערס מפּלה, דעם גרויסן נצחון —
קיין פיין קאָן ניט טויטן אין זיי דעם בטחון . . .

„אוי, מאַמע, אוי, מאַמע !" — שלינגט שרה אַ טרער.
זי שפּירט ניט דעם עיפּוש-גערוך אין דער רער,
אַן אייז-קאַלטע האַנט האָט דאָס האַרץ איר פאַרדריקט :
פאַרשפּעטיקט . . . מ'האָט נעכטן איר מאַמען דערשטיקט . . .
„זי האָט נאָך געלעבט, ווען מען האָט זיי פאַרשאָטן" —
אַזוי האָט דערציילט איר דער גרייז-גרויער נאָטע.
ער איז דורך דער נאַכט פון דעם קבר אַנטרונען,
איר מאַמע וועט קיינמאָל ניט אָנזען די זון מער . . .

„אוי מאַמע, אוי מאַמע," — קרעכצט חיים'ל שטיל.
ער ווייסט אַז דאָס קריכן איז ניט מער קיין שפּיל,
ער ווייסט אַז די מאַמע ליגט ערגעץ-וואו קאַלט,
נאָר רופט ער, באַווייזט זיך איר ליכטיק געשטאַלט . . .
זי מינטערט אים, איילט אים : שנעלער, מיין קינד !
זי וואַרעמט זיין גוף, פאַרשטעלט אים פון ווינט — — —
דער אָפּפאַל, דער שמוץ דערלאַנגט שוין צום האַלדז,
נאָר שרהלע מוטיקט : „באַלד שוין, אָט באַלד !"

דער שניי גיט אַ בלענד פון אַן עפענונג אין גאַס,
ער פאַלט אַזוי לייכט — אַן שרעק און אַן האַס . . .

נאָר שרהלען קלאַפּט שוין אַ צאָן אָן אַ צאָן:
צוויי וועלפישע אויגן קוקן זי אָן.
די ליכטיקע וועלט דורכן ראַם פונעם לאָך,
שלאָגט־אָפּ מיט פאַרראַט, מיט אומקום און בראָך . . .
די שנייעלעך נעמען גאָר שווינדלען און זידן . . .
— אָ, חיים'ל, קליג זיך און וואָרן די יידן!"

זי שטופּט אים אַרונטער — דער בונקער — ניט ווייט . . .
פאַרהאַלטן דעם נאַצי, געווינען דאָ צייט —
ווערט שרהלע ווידער זאָשע סטאַנטשיק,
שטרעקט אוים אירע הענט און גיט זיך אַ וויג:
„אָ, ליבער, אָ, טייערער, שלעפּ מיך אַרוים!
ווייזט אוים כ'האָב גענומען אַן איבעריקן כוס . . .
געגאַנגען אין גאַס, אַ גליטש זיך געטאָן,
איך וואָלט דאָ געשטאָרבן, ווען דו קומסט ניט אָן!"

דער דייטש קוקט זי אָן מיט אַ שפּאָטישן בליק,
דערלאַנגט איר אַ זעץ און זי פאַלט אויף צוריק.
די העל־בלאָנדע האָר אויף די אַקסלען צעשאָטן,
זיי בלענדן מיט גאָלד פון דעם שמוץ, פון דער בלאָטע.
רופט ער די קאָלעגעס, דריי מערדער, ווי ער:
אָט זאָלן זיי קוקן אַראָפּ אין דער רער!
נעמט איינער און גיט פאַר די האָר זי אַ ריס,
נאָר זאָשע איז שיכור, זי פאַלט פון די פיס . . .

„דו יידישע הור, דו לאַיגסט, ביסט ניט שיכור!
איך וואָלט דיך איצט גלייך צעריסן אויף שטיקער,
נאָר כ'שווער ביי דעם „פירער", איך וועל דיך ניט טויטן,
דו פיר אונדז צו די יידן און ווייז־אָן די רויטע!"
באַדאַנקט זיי דאָס מיידל פאַר שענקען איר ס'לעבן,
זי בעט איין מינוט אויף דער לופט איר צו געבן,
דאַן וועט זי זיי פירן, די בראַווע סאָלדאַטן —
אין הינטערשטן קלייד זי טאַפּט־אָן צוויי גראַנאַטן . . .

. . . זי וואָלט נאָך געוואָלט אין דעם קלאָרינקן שניי
כאָטש איין מאָל זיך קייקלען . . . דערשפּירן דעם שפּריי

אויף באַקן פֿאַרפֿלאַמטע פֿון פֿראָסט און פֿון ווינט . . .
זי וואָלט זיך אַ גליטש טאָן אין גאַס ווי אַ קינד . . .
זי וואָלט כאַטש געוואָלט זיך אַרומוואַשן רייַן,
פֿאַרקאַמען די האָר, פֿאַרפֿלעכטן זיי שייַן,
זי זאָל ניט פֿאַרשעמען די מאַמען, דעם טאַטן, —
נאָר ס׳קריכן אין גרוב שוין די נאַצי-סאָלדאַטן . . .

זיי שילטן זיך גראָב — ס׳איז פֿינצטער אין גרוב,
נאָר איר ווערט גאָר ליכטיק, ווי יום-טוב אין שטוב . . .
עס צינדן זיך ליכט, ליכט אָן אַ צאָל,
און פֿון יעדערן ליכט שטראַלט אַן אות, רעדט אַ קול —
איר טאַטנס צוואה אין ליכטער צעבלעגדט — — —
זי האַלט די גראַנאַטן שוין גרייט אין די הענט,
ס׳צעזינגט זיך איר בלוט מיט טריאומף און האַס — — — —
אַ קנאַל און אַ קראַך רייסן-אויף שטילע גאַס . . .

ה.

דער שנייַ איז געפֿאַלן דרייַ טעג נאָכאַנאַנד,
פֿאַרדעקט אַלע קבֿרים, פֿאַרשטילט יעדן קלאַנג,
נאָר שרהלע הערשקעס גראַנאַטן-געקנאַל
דערהערט האָבן וועלדער, ווי אָנזאָג, ווי שאַל.
דערהערט און צעקלונגען אין דער לענג, אין דער ברייט,
אַ כוואַליע פֿון אויפֿברויז צעשטורעמט, צעשפּרייט,
און יונגען מיט ביקסן, מיט זעג און מיט העק
זייַנען אויף וועגן געוואַגטע אַוועק.

און וואו נאָר עס האָבן די יונגען מאַרשירט,
האָט שרהלע זיי אין די שלאַכטן געפֿירט.
און וואו נאָר אַן אויפֿרייס אין שונאס פֿאַבריק,
דאָרט שוועבט די נשמה פֿון זאָשע סטאַנטשיק.
און האָט וואו געלעבט נאָך אַ ייִד אין אַ שטאָט,
זייַן האַרץ האָט געמוטיקט איר הייליקער טראָט.
און ווען ס׳האָט באַפֿרייט זיי די רויטע אַרמיי,
איז שרהלע הערשקעס געווען צווישן זיי.

# אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי

(די אויפשטענדלער פון וואַרשעווער געטאָ געווידמעט)

איך האָב זיי געזען אין אַ שטילן פאַרנאַכט:
אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי.
די זון האָט אַ לויטערן הימל באַוואַכט
אַנטקעגן אַ כמאַרע פון גרוי,
אַ שטראַל האָט צעלויכטן אַ בוים אומגעריכט,
די ערד האָט געשפּילט זיך אין שאָטן און ליכט —
„ס'איז פרי נאָך" — האָב איך/זיך געטראַכט.

און פּלוצלונג איז איבערן הימלישן בלוי
אַריבער אַ ציטער.
אַ טונקעלע האַנט
האָט אַ פאָרהאַנג פאַרצויגן,
ווי פאַר אַ געוויטער;
אַ ווינט האָט די ביימער צעשראָקן צערוישט;
אַ פויגל איז האַסטיק געפלויגן,
ווי ער וואָלט צו נעסט זיינעם גרייכן געאיילט,
איידער דער שטורעם וועט שטייגן, —
נאָר זיי: דער מאַן און דאָס קינד און די פרוי,
זיי זיינען אין שטורעם פאַרבליבן.
געטראָגן מיט זיך דעם הימלישן בלוי,
דעם וויכער מיט נאַקעטע גופן געטריבן;
געשפּאַנט אים אַנטקעגן, אַנטקעגן געוואַלט,
עקשנותדיק, ווייטיקדיק, האַרט,
און העכער פון שטורעם אַ ליד האָט צעשאַלט —
אַן אָנזאָג גבורהדיק שטאַרק.

דער הימל האָט ראַשיק מיט בלוט זיך באַגאָסן,
מיט פלאַמען געפלאַקערט אַרום.
און איך הינטער שויב, פאַרציטערט און שטום,
געהיט יעדן ריר פון די דריי.
ווי פאַקלען צעצונדן, זיי שפאַנען און שפאַנען,
און נאָך זיי — אַ טשאַטע פון הינט . . .
איך זע ווי דאָס בלוט רינט פון זיי, רינט,
עס פלייצט שוין אין ריטשקעס אויף טונקעלע לאַנען,
עס שפאַרט שוין אין שטראָמען דורך ערדישע שראַמען,
עס דעקט איין די ערד מיט די הימלען צוזאַמען, —
נאָר ז י י דורכן בלוטיקן וואָלקן אַלץ שפאַנען
געוויקלט אין שטראַליקן בלוי —
אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי.

אַ פחד, אַ אימה איז מיר דאָ באַפאַלן.
דאָס פענצטער איך האָב צעעפנט, צעפראַלט,
געררופן אין שטורעם ווי עכאָ אין וואַלד:
„ווער זייט איר? ווער האָט אייך אַהערצו געבראַכט?
וואָס שפאַנט איר אין פלאַמען אַנטקעגן דער נאַכט?"

דער ווינט האָט מיין פענצטער אויף שפענדלעך צעבראָכן,
פאַרלאָשן דאָס ליכט אויף מיין טיש.
איצט האָט שוין די נאַכט אירע פליגל צעפּאָכעט,
דעם זון-שטראַל, דעם לעצטן, פאַרווישט.
נאָר זיי פאַר מיין אויג אַלץ שפאַנען און שפאַנען
געוויקלט אין לויטערן בלוי.
איצט ווייס איך, איך ווייס שוין ווער און פונוואַנען
דער מאַן און דאָס קינד און די פרוי.

נעענטער און נעענטער זיי קומען און קומען,
זיי שטייען שוין לעבן מיין בעט.
פאַרוואָר: דאָס זיינען מיין פעטער, קוזינע און מומע
געקומען מיר זאָגן:
„ס'איז שפעט."

אין יאָרטאָג פון וואַרשעווער אויפשטאַנד געקומען
מיך רופן קעגן געוואַלט —
זאָל טריקענען, שטומען דאָס וואָרט אויף מיין גומען,
אויב פאַרגעסן כ׳וועל זייער געשטאַלט!

— — — — — — — — — — — — — — — —

די שרעק איז פאַרשוואונדן.
עס גליען די וואונדן
פון געטאָ אויף נאַכטיקער שויב.
אין פענצטער נעמט טאָגן.
וואָלקנס יאָגן
ווי ריזיקע פייגל פון רויב.
און פלוצלונג גייט אויף —
מוטיק אַזוי —
דער לויטערער בלוי.
אַ זון־שטראַל באַלייכט מיין צימער און בעט.
„ס׳איז שפּעט",
זאָג איך,
ס׳איז שפּעט שוין אַצינד."
איך איל פון מיין צימער
אין דרויסנדיקן ווינט.
נאָך מיר —
אין שטראַליקן בלוי —
אַ מאַן און אַ קינד און אַ פרוי.

# דער רוף פון מיין ברודער

איך בעט ביי מיר לידער פון פרייד און פון גליק,
נאָר פיין פון מיין ברודער מיך וואַרגט ווי אַ שטריק.

דער פרילינג צעכוואַליעט אויף בייט און אויף בוים,
געצוויטשער פון פייגל צעפליגלט אין רוים,

נאָר מיר קלינגט דער רוף פון מיין ברודער אין נויט,
ער טראָגט מיך, ער איילט מיך, ער ברענט מיר די הויט.

אַרום מיר דער טומל, די שיכרות פון גלוסט, —
זיין טרער ווערט דערטרונקען אין וויינען פון לוסט.

קרישטאָלענע לאָמפּן אין אויגן צעבלענדט —
נשמה אין קאָרט, אַזאַרט אין די הענט.

דעם רוף פון מיין ברודער צעהאַנגען ווי שילד,
אין פּוץ פון זיין פּיין, געוויסן געשטילט . . .

חניפה אויף ליפּן ווי פאַרב אויף דער הויט —
אין בראַזג פון דעם זילבער זיין מאָנונג פאַרטויבט.

דער מוח אין רויכן, פאַרטשאַדעט פון זעט,
דער גוף ווי מטבע אין פאַלשן געוועט.

די הערצער אין פוטערס, און חוזק אויף צונג —
פאַרשלונגען דעם רוף אין דעם עס און דעם טרונק.

דער רוף פון מיין ברודער, ער לעבט אין מיין ברוסט,
זיין צאָרן וועט סמ'ען די וויינען פון לוסט.

מאַי, 1946.

# וויג־ליד אין פוילן

שלאָף, שלאָף־איין, מיין מיידעלע.
איך לאַטע איצט דיין קליידעלע.
דאָ אַ שטאָך און דאָרט אַ שטאָך,
און דערביי אַ נייער לאָך.

זינגען דיר אַ ליד׳עלע,
וואָלט איך פון אַ יידעלע,
ווי מיין מאַמע מיר אַמאָל,
נאָר אין האַלדז ווערט ענג און שמאָל . . .

וואו דיין וויגל איצטער שטייט,
איז די ערד מיט אַש פאַרזייט.
נאָר כ׳האָב אַ שבועה זיך געגעבן,
דיך געבערן אויף צום לעבן . . .

שלאָף, מיין ערשטלינג, שלאָף, נשמה.
כ׳האָב דערלעבט, דערלעבט נקמה.
וועסטו, קינד מיינס, וואַקסן, בליען,
דורות־פאָדים ווייטער ציען.

ווען איך נעם דיך, קינד מיינס, זויגן,
לאַכן דיינע בלויע אויגן.
ציטערט פרייד אין מיינע גלידער:
מיין טאַטנס אויגן לעבן ווידער.

ביזט אַ נאָמען נאָך מיין מאַמען,
מיר פאַרבליבן פון די פלאַמען.
האָסט מיין מאַמעס צאַרטע הויט —
איז מיין מאַמע מער ניט טויט.

אַי ליו-ליו, מיין טייער לעבן,
חלומות וועל איך היינט דיר וועבן.
דאָ אַ שטאָך און דאָרט אַ שטאָך —
גאָלד פון חלום אויף יעדן לאָך.

דיין טאַטע גראָבט אין שאַכטע קוילן,
ווארעם זאָל אונדז זיין אין פוילן . . .
נאָך קאַשמאַר פון בלוט און טרערן
פריי און ליכטיק זאָל אונדז ווערן!

וועסטו וואַקסן גרוים און שיין,
דיין חכמה איבער וועלט וועט גיין.
און דיין באָבע און דיין זיידע
וועלן לעבן אין דיר ביידע.

ווי די זון דיין מזל שיינט.
שלאָף-זשע, קינד מיינס, רואיק איין.
נאָך אַ שטאָך און נאָך אַ שטאָך —
שוין פאַרנייט דעם לעצטן לאָך.

דעצעמבער, 1946.

# אַ ברייוו פון פּוילן

איך האַלט אַ ברייוו מיט פאַרחלשטע פינגער.
דער שטעמפּל — פון פּוילן. די האַנטשריפט — באַקאַנט.
איך שרעק זיך אים עפענען, שטילן מיין הונגער,
נאָר ס'גיט זיך אַ ריס איבער־כוח מיין האַנט.

„דו דאַרפסט מיך געדענקען — כ'בין חיהלע ברכה'ס.
מיר פלעגן זיך שפּילן אין הויף ביי חיים־בערן.
כ'בין איינע פאַרבליבן פון גאַנצער משפּחה.
איך קאָן מער ניט וויינען — ניטאָ מער קיין טרערן.

איך האָב זיך אין וואַרשע ביי קריסטן באַהאַלטן,
מיט העל־בלאָנדע האָר די נאַציס גענאַרט.
געקומען אַהיים איצט צו טויטע געשטאַלטן,
מיט אַש פון די חורבות געטרונקען מיין צער . . .

נאָר כ'האָב דאָ אַנומלט באַגעגנט אַ מאַן,
אויך ער איז בלויז איינער פון זיינע פאַרבליבן.
ער קומט פון די וועלדער, געוועזן אַ פּאַרטיזאַן,
איצט בויען מירביידע אַ היים זיך, אַ שטיבל."

— — — — — — — — — — — — — — — —

„איינער" און „איינע" פון גרויסע משפּחות,
ווי איינצעלנע שפּראָצן ביי חרובע ווענט . . .
ס'נעמט גליען דער בריוו פון חיהלע ברכה'ס,
אַ ציטער פון לעבן לויפט דורך מיינע הענט . . .

כ'זע ציען זיך פעדים פון בלוטיקע קנוילן
צו שפּינען אויפסניי די משפּחה געוועבן . . .
אויף קברים און חורבות פון יידישן פּוילן,
נעמט אויפגיין דורך פּיינען, אַ ניי קרעפטיק לעבן.

אַפּריל, 1947.

# איך געפין אַ קרוב

.1

אין נאַכטיקער שעה
איך זוך ניט קיין רו.
מיך מאַטערט אַ בענקשאַפט,
אַ נאָמען איך זוך.

די צייטונג אין האַנט —
אַ בלוטנדיק מויל —
טריפט נעמען נאָך נעמען
און מאָנט אויפן קול:

„ניט לייג מיך אַוועק!
איך לעב צוליב דיר.
כ׳ווער גוף אין דיין האַנט,
כ׳ווער האַרץ — פון באַריר . . .“

פיר־עקיקע אותיות,
צו זעקס און צו אַכט —
אַ לאַגער, אַ נאָמען
פלאַמט־אויף אין דער נאַכט.

ד ע ר איז דאָך מיין קרוב!
דעם נאָמען איך ווייס!
פון בלוטיקן מבול
אַ זכר, אַ טרייסט!

ער זוכט מיך, ער רופט מיך,
אים שרעקט אַלץ די ווייט:

אַכט אותיות — אַ נאָמען
אין שטורעם פון צייט . . .

דורך געפלען פון עלנט
געלאָזט זיך אין וועג;
געפונען, דערשוואומען —
מיין האַרץ איז דער ברעג.

.2

שפּעט שוין די נאַכט —
ווי אַלט און ווי גראָ!
דער מאָרגן, דער מאָרגן
נישטאָ נאָך, נישטאָ.

פון צייטונג מיין קרוב
דעם שלאָף פון מיר ווישט.
איך שעם זיך פאַר אים:
צו זאַט איז מיין טיש . . .

איך האָב דאָך אַ האָפענונג
אין אים דאָרט צעצונדן —
איך שעם זיך פאַר זיינע
צעעפנטע וואונדן . . .

ער וואַרט דאָרט אויף מיר,
און שטרעקט מיר זיין האַנט,
נאָר צווישן אונדז שטייט
אַ ריזיקע וואַנט . . .

ווער האָט מיר מיין וועלט
צעטיילן געוואַגט?
די טיר פון מיין לאַנד
אויף שלעסער פאַרהאַקט?!

די נעמען פון צייטונג,
די אותיות פון בלאַט,
מיך שטעכן ווי שפּיזן
און שרייען: „פאַרראַט!"

— ניין, כ'וועל דיך ניט לאָזן
אין לאַגער, ביים ראַנד!
כ'וועל קלאַפּן אין טויער,
כ'וועל שטורמען די וואַנט!

— — — — — — — — — — —

מיין קרוב, מיין ליבער,
איך שרייב דיר דעם בריוו.
די נאַכט וועט אַריבער —
מיין גלויבן איז טיף.

יוני, 1947.

# אויף דעם וואָגל־וועג

(ענגלאַנד באַפאַלט די שיפן מיט פּליטים)

ניט קיין כוואַליעס רוישן טרויעריק ביים ברעג —
דאָס זינגען מיינע שוועסטער אויפן וואָגל־וועג:

— אַי ליו־ליו, ליו־ליו, ליולינקע מיין קינד,
ניט קיין היים און ניט קיין דאַך — ווי איז אונדז און ווינד...

ניט קיין רעגן פּאַטשט אָן אויפהער אין דער נאַכט —
דאָס וויינען יונגע מאַמעס מיט עופהלעך אין טראַכט:

— שיף, אָ, שיף געטרייע, וואו איז שוין דער ברעג?
ווען דער טויט אונדז נעמען אויפן מיטן וועג?

ניט קיין ווינטן ברומען, שניידן דורך ס'געוויין —
דאָס ברומען מיינע ברידער מיט פאַרקריצטע ציין:

— וועלט, אָ, וועלט, דו טויבע! ווער פון לאַגער ס'שפּאַנט,
דעם קאָן מער ניט שרעקן שונא'ס שווערע האַנט...

ניט קיין זייגער שלאָגט אויף פליגלען פון דער צייט —
דאָס שלאָגן מידע הערצער מיט האָפנונג אין דער ווייט:

— ערד, אָ, ערד געגאַרטע! מיר קומען, קומען שוין!
באַלד וואַרפן מיר אין ים די אַלטע מאַרטער־קרוין!

ניט קיין דונער קראַכט אין ים, ווייט פון היים און ברעג —
דאָס בושעוועט דער שונא אויפן וואָגל־וועג.

קוילעט מיינע שוועסטער־ברידער אויפן האָפענונג־וועג—
מיינע בראַווע, מיינע שיינע, אוי, קוילעט ער אַוועק...

יולי, 1947.

# אויף וואַנדער־וועגן

(ליד פון אַ מאַמען)

ווייסער שניי דעקט איין די ערד,
רחמנותדיק די קברים טוליעט;
נאָר מיר איז ניט קיין רו באַשערט —
אויף וואַנדער־וועגן ש ו נ א הוליעט.

אויף וואַנדער־וועגן שמייסט דער ווינט,
פרירט דאָס בלוט און רייסט דעם שאַרבן,
און אין וויכער כ'הער מיין קינד —
ס'שרייט נאָך אַלץ — עס וויל ניט שטאַרבן . . .

שניי, דו פוכקער, שטילער שניי,
בוי אַ שוץ פון ווינט דעם קאַלטן,
וועל איך לייגן דאָרט מיין וויי,
פון דעם שונא אויסבאַהאַלטן . . .

און אין פרילינג ווען דער וואַלד
מיט פייגל־צוויטשער וועט צעקלינגען,
אפשר וועט מיין קינדס געוואַלד
אין זיסער רו — שטילן, זינקען . . .

און מיין וויי, פון שניי געוואַרעמט,
וועט אין בלומען זיך צעבליען:
רויטע רויזן — בלוט פון הארצן —
איבער וואַנדער־וועגן גליען . . .

פון מיין ליבשאַפט — די פעטאַלן,
פון מיין האַס — די דערנער־ריזן;
כ'וועל דעם שונא דאַן באַפאַלן,
ט ו י ט ן מיט די שאַרפע שפּיזן.

יאַנואַר, 1948.

## מיין טרער

ווי אָפּט עס ווילט זיך וויינען,
וויינען אויפן קול,
פאַרגיין זיך אין געוויין
און אויפלייזן דעם קנויל,
דעם שווערן קנויל, וואָס דריקט
און גיט קיין רו ניט מער.
אַך, לאָזן רינען, פלייצן
שפע׳דיקע טרער!
אַך, לאָזן זי פאַרשווענקען
שוואַרצע קראָ פון גרויל!
ווי אָפּט עס ווילט זיך וויינען,
וויינען אויפן קול.

נאָר קוים נעמט פאַלן טרער,
ווי הייסער בליי זי פאַלט.
זי שלאָגט זיך אָן און שפּרינגט צוריק
פון שטיינערנעם אַספאַלט,
פון גלייכגילט וועלטישן
אויף פיינען פון מיין פאָלק.
ווערט וואָגיק־שווער מיין טרער,
ווערט איינגעשפּאַרט און שטאָלץ,
נעמט בויערן מיט הייסן אָטעם
די שטיינער האַרט און קאַלט —
פון מיין צעווייטיקט האַרץ,
ווי הייסער בליי זי פאַלט.

איז נעם איך אָט־דעם בליי
און שמיד מיר אויס אַ קויל.

אַ וואָפן ווערט מיין טרער
אין האַנט און אין מיין מויל.
הויבט אָן די שוואַרצע קראָ
צו קראַקען אויפדאָסניי,
טאָ וואַרף איך אין איר פּנים
אַ פולע האַנט מיט בליי.
און ווען עס דריקט און שטיקט
דער שווערער, שווערער קנויל,
דאַן שליידער איך אין וועלט
מיין הייסע טרער — מיין קויל.

# פון מדבר מיר טראָגן . . .

פון מדבר מיר טראָגן אַ גלוסטונג אין בלוט
צו גרינעם, צו זאַפטיקן לאַנד;
און וואו אונדזער טראָט אויף אַ ווייל האָט גערוט,
מיר האָבן אַאַזעם געפּלאַנצט.

דער באָדן איז שטייניק, די ערד איז פון זאַמד,
דער וואָי פון שאַקאַלן נאָך קלינגט;
און וואו נאָר מיר לאָזן דעם אַקער פון האַנט,
דער מדבר — אַאַזים פאַרשלינגט.

ווי שטעכיקער קאַקטוס, ווי סמ׳יקע גראָז,
גערעטעניש גיפטיקע וואַקסט;
און גיט אויף דער טריקעניש רעגן אַ גאָס,
פון פעך און פון בלוט איז דער שלאַקס.

נאָר אויך פון דעם מדבר מיר האָבן אַ וואָרט
צעטראָגן אויף שליאַכן פון וועלט:
„ל א  ת ר צ ח" — ניט הרג׳ע, דיין ברודער ניט מאָרד, —
אַנטקעגן וועלטס רשעות געשטעלט.

אין חלום פון פעלקער פאַר שלום און פריד,
ווי מדבר־זון פלאַקערט דאָס וואָרט;
אין קאַמפן, ווי פייער־זייל פירט עס און היט,
לויכט־אויף מיט האָפענונג דאָרט.

און ווען נאָכן מבול פון טרערן און בלוט,
מיר ציילן פאַרבליבענעם שטאַם,
און ווידער דאָס ווילד־גראָז, דער דאָרן, די רוט,
דער שטעכיקער דראָט אַרום צאַם.

און ווידער דער מדבר פאַרשלינגט אונדזער מי,
און ווידער פון שנאה די שווערד, —
מיר שמידן דאָס וואָרט אין וואָפן צעגליט
פאַר שלאַכטן, ד י  ל ע צ ט ע , אויף דער ערד.

פעברואַר, 1948.

# פון אַ פּאַסטוך־פאָלק

פון אַ פּאַסטעך־פאָלק אויף פעלדער שטילע,
געהילט אין זעאונגען ווי אין דעם שיין פון שטערן,
אַריבער יאָרן־שמחה, וואַנדער־וועגן, שחיטות,
אַ גבורים־פאָלק עס צווינגט די צייט אונדז ווערן.

פון דעם פאָלק פון בוך אין קלויזן און אין געטאָס,
מיט תורה־ליכט און חכמה אייביקער באַשטראַלט, —
מיר האָבן שלום־חלום ווי שטערן־זאַמד צעשאָטן,
איצט צווינגט דער שונא אונדז צו שמידן וואָפן פון געוואַלט.

דאָס אַלטע פּאַסטעך־פייפל האָבן מיר דורך יאָרן גלות
אויפן שופר של משיח, דעם אויסלייזער, פאַרביטן;
נאָר וויפל ס'האָבן ניט גערופן די געפּייניקטע, די דורות,
אויף אַ קליין, אַ קליין אייזעלע האָט משיח אַלץ געריטן . . .

דער שונא האָט דאָס אייזעלע אין שוואַרצער נאַכט געקוילעט . . .
מיט מילך־ווייסן ציגעלע עס ליגט אויף חורבות־שפּענער.
נאָר דאָרט וואו ס'האָבן קדושים די מרידה־פאָן געהייליקט,
משיחס קול האָט זיך צעקלונגען מיט נייע, גבורהדיקע טענער . . .

און דאָרט, אין מזרח, וואו עס האָט געוואָרצלט
דאָס פּאַסטעך־פאָלק פון ביבלישן אַמאָל, —
מיט טרערן און געזאַנג, מיט שוויים און מי און פייער,
אַ נייעם פלאַנץ עס זייט און שניידט — דעם פלאַנץ פון הייסן שטאָל...

פון אַ פּאַסטעך־פאָלק און דעם פאָלק פון בוך,
אַ גבורים־פאָלק עס צווינגט די צייט אונדז ווערן;
און דער וואָס אונדזער קראַפט פאַרזוכט,
וועט אונדזער שלום־חלום קיינמאָל מער צעשטערן.

און דער וואָס אונדזער קראַפט פאַרזוכט,
וועט הערן ווי משיח רייסט די קייטן . . .
ווייל אַ גבורים־פאָלק וואָס איז דאָס פאָלק פון בוך,
מוז אייביק ס'וואָרט פון ליכט, פון אויסלייזונג פאַרשפּרייטן.

אָקטאָבער, 1948.

# מזל־טוב, יידן!

(צו דער פּראָקלאַמירונג פון אַ יידישער מלוכה אין ארץ־ישראל
דעם 16טן מאַי, 1948)

מזל־טוב, יידן! געשלאָגן האָט אונדזער שעה,
מדינת ישראל גייט אויף און איז דאָ!

אין בלוט און אין טרערן, דורך פייער און שטאָל,
אַ שטאָלצע עס פלאַטערט די פאָן פון ישראל!

ניט חורבן און שחיטות, ניט שנאה, פאַרראַט
קאָן בינדן מיין פאָלק, קאָן שטערן זיין טאַט!

געלייטערט אין פייער, אין קרעמאַטאָריעס געשטאָלט,
עס בויט אַ מלוכה מיין ל ע ב ע ד י ק פאָלק!

אין פריינטשאַפט פון פעלקער, אין שלום צעבליט,
זאָל לעבן ישראל, די מלוכה פון ייד!

אין ברכה פון אַרבעט, אין ליבשאַפט פון הענט
זאָל אויפגיין די שפע פון לאַנד און פון מענטש!

מיין פאָלק זאָל ניט ווערן אַ שותף צו רויב,
זאָל קיינמאָל ניט שעכטן פון שלום די טויב.

די פריינט און די שונאים אין שעה פון זיין נויט,
געדענקען ביים טיש פון פרידלעכן ברויט.

אין כאָר פון די פעלקער באַפרייטע פון צוואַנג,
זאָל קלינגען דערהויבן ישראל׳ס געזאַנג.

# דער זעלביקער שונא

(געווידמעט די איבערגעקומענע פון די לאַגערן —
קעמפער אין ישראל)

טראַנשייען אין קבוצות, טראַנשייען אין שטעט —
די ערד פון ישראל אַ שונא באַטרעט.
דעם שונא קען מ ר י ם פון לאַנג שוין, פון לאַנג,
נאָך ברענט אויף איר אָרעם דער צייכן פון שאַנד,
און ווען זי דריקט־אָפּ אַ שאָס פון איר ביקס,
דער נ ו מ ע ר אויפן אָרעם גיט זיך אַ ריס,
ווי אויך ער וואָלט זיין אַ טויטלעכע פייל,
אין האַרצן פון שונא, ווי ער וואָלט געאיילט.

אין נעכט ווען דער שלאָף ווערט עלעקטרישע נעץ
פון שטעך־דראָטן און קאַלך־אויוונס, ווי מולך דער געץ,
צעגליט זיך איר מח מיט ווילדע קאָשמאַרן:
אָט זעט זי איר קינד אין די אַשיקע זשאַרן . . .
אָט וואַרפט זיך איר מאַמע מיט צע'שרפה'טע הענט
און זעצט מיט די פויסטן די בראַנדיקע ווענט . . .
איר מאַן הענגט פון ווייטן אויף אַן עלעקטרישן דראָט,
און זי — צווישן מתים אין גרוב, הינטער שטאָט . . .
זי איז ניט געשטאָרבן . . . זי טאַפּט אָן די ביקס,
און גיט זיך פון שלאָף אַ האַסטיקן ריס . . .
אַ באָמבע רייסט אויף — אַ בליץ אויף איר שוועל —
דער שונא איז אויך דאָ, נאָר אין אַן אַנדערער פעל.

ביי טאָג מיט חברים איז גרינגער דער גאַנג.
ביי טאָג מיט חברים צעקלינגט אַ געזאַנג,
אַ הויט ווערט פאַרצויגן אויף וואונדן פון נאַכט,
און היים ווי די זון, עס פלאַקערט אַ שלאַכט . . .
ברוין־הויטיקע טעכטער און זין פון איר פאָלק,
ווי בראָנזענע געטער — גבורים פון שטאָל.
אויך זי ווערט אַ גבור, דריקט שאָס אָפּ נאָך שאָס —
פון געפאַנצערטן אויטאָ גיט פייער אַ גאָס . . .

יוני, 1948.

# אַ בריוו פון מדינת ישראל

(באַלאַדע)

.1

איבער ימען און שטעט איז געפלויגן אַ בריוו
פון מדינת ישראל, פון דער שטאָט תל-אביב.

צו לייבל גורעוויטש אין בירא-בידזשאַן,
אין אַ קאָלווירט ביים אמור — פון טייגע אַ שפּאַן.

געפלויגן, געפלויגן דורך שטורעם און ווינט,
מיט צאַפּל פון אותיות אין פלעקן פון טינט.

„מיין ברודער, מיין ברודער, — פאַרגייט זיך די שריפט —
אונדזער בונד ווי דער ים איז אייביק און טיף . . .

איין מאַמע געבוירן האָט אונדז אין איר בלוט,
איין גורל באַזעלט מיט פּיאָנערישן מוט.

דיין זון איז געפאַלן אין סטאַלינגראַד-שלאַכט,
און מיינער — אַ קבוצה אין נ ג ב באַוואַכט.

ער פלאַנצט דאָרט אַ חלום אין מדברדיק פעלד,
מיט ביקס און מיט אַקער — אין ישראל אַ העלד.

און אויב ס'איז אים פאַלן, חלילה, באַשערט,
זיין חלום וועט בליען אויף א ו י ס ג ע ל י י ז ט ע ר ערד . . .

.2

פאַר ווייטיק פון מאַמעס פאַראַן דען אַ וואָג ?
ווען ס'פאַלן די העלדן, לעשט אוים זיך דען טאָג ?

אָ, ווער קאָן דען נעמען פון גבורה אַ מאָס ?
צי ציילט מען דען טראָפּנס אין מבולשן גאָס ?

די פרייד פון אַ מדבר ווען ס'וואַקסט אוים אַ בוים,
די פרייד ווען פון אַש בליט-אויף אַ טרוים,

די פרייד פון באַצווינגען אויף אייביק די שווערד,
פאַרטרייבן דעם שונא, באַפרייען די ערד,

מיט גאָלדענע שטראַלן באַשפּינט אונדזער וואָר,
און זינגט אין דעם בלוט פון דעם העלדישן דור !

אָ, ברודער, מיין ברודער, פון ווייט-נאָענטן לאַנד,
וואו גבורה און פרייהייט שפּאַנען באַנאַנד,

וואו וואונדן פאַרהיילן אין פעלקער-געמיט,
משפּחהדיק, זיכער, אויפסניי בויט דער ייד,

מיין ברודער, מיין ברודער, ווי טיף אונדזער בונד,
דער גלויבן אין זיג צינדט אָן ווי די זון,

צ ע ש ט ר אַ ל ט ע מיר שפּאַנען פון נ ג ב ביז ג ל י ל,
דורך בלוט און דורך פייער — צום ליכטיקן ציל."
— — — — — — — — — — — — — — — — —
איבער ימען און שטעט איז געפלויגן אַ בריוו
קיין ביראָבידזשאַן פון דער שטאָט תל-אביב.

נאָוועמבער, 1948.

# מיין פאָלק

מיין פאָלק ווערט געגליכן צו אַ שאָף צווישן וועלף
אין שטענדיקער שרעק פאַר פאַרציקער,
און דאָך האָט ער פעלקער צום מ ש פ ט געשטעלט —
אין אייביקייט — ע ר בלייבט דער זיגער.

מיין פאָלק ווערט געגליכן צו אַ שפּענדל אין ים,
געשליידערט פון כוואַליקן שטורעם;
דאָך זע ווי אַן אָפּשטעל ער שווימט קעגן שטראָם,
טויכט־אויף פון די גרונטן מיט גבורה.

מיין פאָלק ווערט געגליכן צו אַ וואָרים אויף ערד
געטראָטן, צעריבן אויף שטויבן;
נאָר חלום פון פ ר י י ה י י ט זיין גייסט האָט גענערט
און האָט אים צו ה י מ ל ע ן דערהויבן.

## ווען האָפענונג גייט אויף

ווען האָפענונג גייט אויף אין צעפּייניקטן גוף,
דו שטייסט פאַרן וואונדער פון לעבן:
פון וואַנען, אָ, קומט דער געדולדיקער רוף,
דער קלאַפּ אַן דער טיר פון געוועבן?

מיין פאָלק, ביסט צעפּייניקט, צעבראָכן און מיד,
דער ציל־ברעט פאַר פיילן פון שנאה —
ווי קאָנסטו נאָך טראָגן די וויזיע פון פ ר י ד ,
און גלויבן אַז ר ע כ ט וועט געווינען?

און איך בין אַ קינד דיינס, די טאָכטער פון צער,
אַן אבל אין אַש און אין שטויבן,
נאָר כ'טראָג אַזאַ וואונדער פון קראַפט אין מיין האַרץ —
דאָס טראָג איך דיין ו ו י ז י ע , דיין ג ל ו י ב ן .

.:. .:. .:.